


# עם תועי לבב

## דריטע טהייל „שנאת חנם"

„מהרסיך ומחריביך ממך יצאו" (ישעיה מ"ט י"ז)
דיינע צו פירהער און די וואס האבען דיר חרוב געמאכט,
די קומען ארויס פון דיר (שם).

„בטוח על תהו ודבר שוא הרו עמל והוליד און" (שם נ"ט ד')
זייא פאר זיכערען זיך אויף ניכשט, און ריידען פאלשע רייד,
זייא טראגען מידיקייט, און געווינען אום־רעכט (שם).

„דרך שלום לא ידעו ואין משפט במעגלותם, נתיבותיהם עקשו
להם, כל דרך בה לא ידע שלום" (שם נ"ט ח').
אוועג פון שלום ווייסען זיי ניט, און עס איז ניטא קיין משפט אמת
אין זייערע וועגען, זייערע וועגען האבען זיי פאר קריממט, ווער
ניר עס טרעט אין זייער וועג, ווייסט ניט פון שלום (שם).

מאת

יהושע זעליג דארמאן.



פיעטרקוב, תרס"ו, בדפוס מ. צעדערבוים.



# СИНАСЪ ХИНОМЪ

Третій Часть

т. е. Напрасная Вражда.

**Разсужденіе о Сіонизмѣ.**

Изданіе З. Г. ДОРМАНА.

Въ типографіи М. Цедербаума въ Петроковѣ.

**1905.**

# עם תּוֹעֵי לֵבָב.

---

דיא גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה זָאגְט אין (יבמות ק"ג) „כָּל טוֹבָתָן שֶׁל רְשָׁעִים רָעָה הִיא אֵצֶל צַדִיקִים שֶׁנֶאֱמַר הִשָׁמֶר לְךָ פֶּן תְּדַבֵּר עִם יַעֲקֹב מִטוֹב וְעַד רָע" (בראשית ל"א). ד. ה. אַלְלֶע טוֹבוֹת וָואס רְשָׁעִים טוּהֶען אִיז דָאס רָעוֹת שְׁלֶעכְטֶעס פַאר צַדִיקִים, בְּעֵת לָבָן הָאֲרַמִי הָאט גֶיאָגְט יַעֲקֹב אָבִינוּ עה"ש, הָאט גָאט ב"ה אִיהְם אָן־גֶיזָאגְט אין חָלוֹם זָאהְלְלֶסְט זִיךְ הִיטֶען צוּא רֵיידֶען מִיט יַעֲקֹבְ'ן פוּן גוּטֶעס בִּיז שְׁלֶעכְטֶעס ד. ה. דוּא זָאהְלְלֶסְט אִיהְם קֵיין טוֹבוֹת אוֹיךְ נִיט טְהוּן.

דֶער פוּן זֶעהֶען מִיר אַז אֲפִילוּ וֶוען אַ־רָשָׁע וִויל טְהוּן גוּטֶעס לָאזְט זִיךְ אוֹיךְ אוֹיס שְׁלֶעכְטֶעס אוּנ בִּפְרַט נָאךְ בְּעֵת דֶער רָשָׁע מֵיינְט מִתְּחִילָה צוּא טְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס אִיז דָאךְ בְּוַדָאי שְׁלֶעכְט. דִיא גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה דְרִיקְט אוֹיס דֶעם לָשׁוֹן אַז דָאס אִיז שְׁלֶעכְט פַאר צַדִיקִים, קֶען מֶען הָאבֶּען אַטָעוּת, אוּנ מֵיינֶען אַז פַאר רְשָׁעִים אִיז דָאס גוּט, דָאס אִיז אָבֶּער נִיט אַזוֹי, פַאר נִיט צַדִיקִים אִיז דָאס אוֹיךְ שְׁלֶעכְט, נוּר דֶער אוּנְטֶער־שֵׁייד אִיז, אַז דִיא צַדִיקִים פַאר שְׁטֶעהֶען פָאר־אוֹיס. אַז דָאס אִיז שְׁלֶעכְטֶעס, אוּנ נִיט דִיא צַדִיקִים פַאר שְׁטֶעהֶען דָאס נִיט אַז דֶער רָשָׁע מֵיינְט שְׁלֶעכְטֶעס צוּא טְהוּן, אוּנ זֵייא פַאהְלְלֶען אַרַיין אִין דִיא בֵּייזֶע הֶענְדְט פוּן

רְשָׁע, אוּנ נָאךְ דֶעם קֶענֶען זֵייא זִיךְ נִיט רַאטִירֶען פוּן זֵייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע הֶענְד.

אִין עֶרְשְׁטֶע אונ צְוֵוייטֶע טְהֵייל פוּן בִּיכֶל „שִׂנְאַת חִנָם" הָאבֶּען מִיר גֶעוויזֶען אַז הֶערְצל דֶער אָן־פִיהְרֶער פוּן דיא צִיוֹנִיסְטֶען שְׁרַייבְּט אִין זַיין בִּיכֶל „מְדִינַת הַיְהוּדִים" אַז עֶר פַאר־לַאנְגְט אַז מִיר אִידֶען זָאהְלְלֶען אַוֶועק־וַוארְפֶען אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע תּוֹרָה; ווָאס אָן דיא תּוֹרָה זֵיינֶען מִיר חַס וְחָלִילָה טוֹיט, אוּנ אַז עֶר פַארְלַאנְגְט אַז מִיר אִידֶען זָאהְלְלֶען זִיךְ מִתְבּוֹלֵל זַיין מִיט אַלְלֶע פֶאלְקֶער, אִין אַלְלֶע עֶרְטֶער וִויא מִיר אִידֶען גֶעפִינֶען זִיךְ, אוּנ אַז עֶר פַארְלַאנְגְט אַז אַלְלֶע אִידֶען זָאהְלְלֶען אַרוֹיס־וַואנְדֶערִין פוּן דיא עֶרְטֶער וָואס זֵייא גֶעפִינֶען זִיךְ אִיצְט, אוּנ דיא גֶעשֶׁעפְטֶען „הַייזֶער" „גִיטֶער" אוּנ „פַאבְּרִיקֶען" זָאהְלְלֶען אִידֶען אַוֶועק גֶעבִּין אַנְדֶערֶע פֶאלְקֶער, דיא יְרֵאִים חֲרֵדִים וְצַדִיקִים הָאבֶּען גְלַייךְ פַאר שְׁטַאנֶען אַז עֶר מֵיינְט נִיט צוּא טְהוּן אוּנְז טוֹבוֹת נוּר גְרוֹיסֶע רָעוֹת, אוּנ זֵייא וֵוייסֶען אַז צוּא מִישֶׁען זִיךְ מִיט אַנְדֶערֶע פֶאלְקֶער אִיז דָאס אַגְרוֹיסֶע גְזֵירָה פַאר אִידֶען. וָוארוּם דֶער־מִיט קֶען מֶען חַס וְחָלִילָה מַאכִין אַז לֹא יִזָכֵר שֵׁם יִשְׂרָאֵל עוֹד, אוּנ דָאס וָואס עֶר גִיט אַרַאטְה, (עֵצָה) אַז אִידֶען זָאהְלְלֶען אַלֶע אַרוֹיס־וַואנְדֶערִין, אוּנ דיא גֶעשֶׁעפְטֶען, אוּנ אַלְלֶעס וָואס זֵייא הָאבֶּען זָאהְלְלֶען זֵייא אַוֶועק־גֶעבִּין פַאר אַנְדֶערֶע פֶאלְקֶער, אוּנ דֶער־צוּא וַוייזְט עֶר נָאךְ וִויא גְלִיקְלִיךְ דיא אַנְדֶערֶע פֶאלְקֶער וֶועלְלֶען זַיין, אַז אִידֶען וֶועלֶען אַרוֹיס־וַואנְדֶערִין. הָאבֶּען דיא צַדִיקִים גֶעזֶעהֶען אַז עֶר רֵייצְט נוּר אָן דיא שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל זֵייא זָאהְלְלֶען בַּייא אִידֶען אַלְלֶעס אַוֶועק גֶעמֶען, אוּנ בִּפְרַט אַז מִיר אָרֶעמֶע אִידֶען הָאבֶּען נִיט וִויא צוּא גֵיין, אוּנ מִיר הָאבֶּען נִיט מִיט וָואס צוּא גֵיין, אוּנ קֵיין טוֹבָה קֶען פוּן אַזֶעלְכֶע פַאר־דָארְבֶּענֶע רֵייד אוֹיף קֵיין

פַּאהְלל נִיט אַרוים קוּמֶען, דֶער־פוּן קֶען נוּר אַרוים־קוּמֶען, אַז חַס וְחָלִילָה מֶען זָאהְלל גִיסֶען אוּנְזֶער אֶרֶעמֶע בְּלוּט. אוּמְזָאנְסְט, עֶס אִיז אָבֶער דָא מֶענְטְשֶׁען אוּם־בַּארֶעכֶענְטֶע וָואס פַאר שְׁטֶעהֶען נִיט, אוּנ בַּאטְרַאכְטֶען נִיט, אַז אַזֶעלְכֶע טוֹבוֹת הָאבֶען אוּנְז גִיוָואלְט טְהוּן דִיא „שְׁפַּאנְיָאנֶער אִינְקְוִויזִיטָארִין”, אוּנ הָאבֶען אוֹיךְ גֶעזָאגְט, גֵייט אִין וַואסֶער, אָדֶער אִין פַייֶער, אוּנ הָאבֶען מִיט אַזֶעלְכֶע טוֹבוֹת גֶעגָאסֶען אוּנְזֶער אָרֶעמֶע בְּלוּט וִויא וַואסֶער, אוּנ מִיר הָאבֶען זִיךְ אַרוּם גֶעוָועלְגֶערְט אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט, פִיל פוּן אוּנְזֶערֶע קְלֵיינֶע קִינְדֶער אוּמְשׁוּלְדִיגֶע זֵיינֶען צוּא שְׁטָארְבֶּען אִין אַלְלֶע עֶקֶען וֶועלְט, דָאס ווִילֶען זֵייא גָאר נִיט בַּאטְרַאכְטִין. אוּנ דֶער־צוּא גֶעפִינֶען זִיךְ נָאךְ בַּייא אוּנְז מֶענְטְשִׁין וָואס זֵיינֶען שְׁוַואךְ אִין אוּנְזֶער אֱמוּנָה, אוּנ זֵייא אַרְט גָאר נִיט פַאר אוּנְזֶערֶע בְּלוּט, אוּנ זֵייא גֶעפֶעלְט זֵייעֶר דֶער פְּלַאן פוּן הֶערְצְלֶען, אַז מִיר זָאהְלְלֶען זִיךְ צוּא מִישֶׁען מִיט אַנְדֶערֶע פֶּאלְקֶער, וִויא דִיא גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה זָאגְט אִין (סנהדרין ס"ג) „יוֹדְעִים הָיוּ יִשְׂרָאֵל שֶׁאֵין מַמָּשׁ בַּעֲבוֹדָה זָרָה, אֶלָּא כְּדֵי שֶׁיַּתִּירוּ לָהֶם עֲרָיוֹת בְּפַרְהֶסְיָא”. ד. ה. אִידֶען הָאבֶען גֶעוואוּסְט אַז עֲבוֹדָה זָרָה הָאט קֵיין מַמָּשׁוֹת נִיט, נוּר זֵייא הָאבֶען גֶעדִינְט עֲבוֹדָה זָרָה, (גֶעצֶען דִינְסְט) כְּדֵי עֶס זָאהְלל זֵיי פְרַייא זַיין צוּא טְרַייבֶּען זְנוּת אָפְּפֶען, וָואס אוֹיף אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשֶׁען קֶען מֶען זָאגֶען דֶעם פָּסוּק „אֲשֶׁר יוֹמְרוּךָ לִמְזִמָּה נָשׂוּא לַשָּׁוְא עָרֶיךָ”, אַז זֵייא טוּהֶען גב"ה אוּים בַּייטֶען אוֹיף מְזִמָּה רַחֲמָנָא לִצְלָן, אוּנ טְרָאגֶען דֶעם נָאמֶען צִיוֹן גָאר פַאלְשׁ, זֵייא הָאבֶען גָאר קֵיין־מָאהְלל נִיט גֶערֶעכֶענְט צוּא גֵיין קֵיין צִיוֹן, נוּר זֵייעֶר פַאר־לַאנְג אִיז אַז אִידֶען זָאהְלְלֶען אַרוים־וַואנְדֶערֶען, אוּנ זֵייא וֶועלֶען בְּלַייבֶּען אִין דִיא לֶאנְדֶער, אוּנ טְהוּן וָואס זֵייעֶר הַארְץ גְלוּסְט, אוּנ פַאר אוּנְזֶער בְּלוּט אַרְט זֵייא גָאר נִיט, אוּנ

וַייא פַאר־פִיהֶרֶען פִיל אוּמְשׁוּלְדִינֶע מֶענְטְשֶׁען, אִין דֶעם גִיפֶּערְלִיכֶען גֶעטְץ, אוּנ זָאגֶען אַז אִין „מְדִינַת הַיְהוּדִים" הָאט הֶערְצל נָאר נִיט גֶעשְׁרִיבֶּען אַזֶעלְכֶע פַאר־דָארְבֶּענֶע רֵייד, לִיגְט אוֹיף מִיר אַחוֹב אוֹים צוּא שְׁרַייבֶּען אַלֶלֶע פַארְדָארְבֶּענֶע רֵייד, וָואס הֶערְצל הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען, אִין זַיין כְּפִירָה בִּיכֶל, וָוארְט אִין וָוארְט, אוֹת בְּאוֹת, כְּדֵי אַלֶלֶע זָאהֶלְלֶען זֶעהְן וִויא גִיפֶערְלִיךְ זַיין פְּלַאן אִיז, אוּנ זָאהֶלְלֶען וִויסֶען זִיךְ צוּא הִיטִין פוּן זַיינֶע טוֹבוֹת, אוּנ רַאטִירֶען זִיךְ פוּן זַיינֶע בֵּייזֶע פַאלְשֶׁע פַאר־דָארְבֶּענֶע רַעֲיוֹנוֹת:

אִין „מְדִינַת הַיְהוּדִים" זֵייטֶען 20־21 שְׁרַייבְּט הֶערְצל דִיא וָוארְטֶער, „יָדֵינוּ רָמָה עַל כָּל בְּדִינֵי מָמוֹנוֹת וּבְעִסְקֵי כְּסָפִים, יַעַן אֲשֶׁר אָלְצוּנוּ בִּימֵי הַבֵּינַיִם לַעֲסוֹק רַק בָּהֶם, וּכְאָז כֵּן גַם עַתָּה יֶהֶדְפוּנוּ בְּחוֹזֶק יָד לַעֲבוֹדַת אֱלִיל הַכֶּסֶף בְּשַׁעֲרֵי הַבִּירְזָא, בְּהַרְחִיקָם אוֹתָנוּ מִכָּל יֶתֶר עַנְפֵי הַמַעֲשֶׂה וְהָעֲבוֹדָה, וְהִתְחַסוּת בְּצֵל הַבִּירְזָא הִיא מְקוֹר רָעָתֵנוּ לָתֵת יַד לְכָל שָׂטָן וּמְקַטְרֵג לָשׁוּב וּלְהִתְעוֹלֵל בָּנוּ, בֵּין כֹּה וָכֹה יִוָלְדוּ בְקִרְבֵּנוּ אַנְשֵׁי הַשְׂכָּלָה בֵּינוֹנִית לְמַכְבִּיר, אֲשֶׁר יַעַמְדוּ עַל עָמְדָם, וְקָשִׁים הֵם כְּסַפַּחַת לְחֶבְרָה, כְּשֵׁם שֶׁקָּשִׁים לָהּ אוֹצְרוֹת הַהוֹן הַהוֹלְכִים וְרַבִּים בִּידֵי אֲחֵרִים. הַמְלוּמָדִים הָעֲנִיִים שֶׁבָּנוּ יְבַקְשׁוּ לָהֶם מָנוֹס אֶל מַחֲנֵה הַסוֹצְיַאלִסְטִים, וּבִפְרוֹץ הַמִלְחָמָה בְּחַיֵי הַחֶבְרָה תַּהֲפוּךְ יָדָהּ בָּנוּ בָּרִאשׁוֹנָה, יַעַן כִּי בִשְׁתֵּי הַמַעֲרָכוֹת, בְּמַחֲנֵה בַּעֲלֵי הַהוֹן וְהַסוֹצְיַאלִיסְטִים גַם יָחַד, אֶל מוּל פְּנֵי הַמִלְחָמָה אָנוּ עוֹמְדִים!" ד. ה. הֶערְצל זָאגְט אוּנְזֶער הַאנְד אִיז הוֹיךְ אוֹיף אַלֶעמֶען אִין גֶעלְדְט, אוּנ אִין גֶעלְדְט־גֶעשֶׁעפְטֶען: וַוייל אִין מִיטֶעל אֶלְטֶער הָאט מֶען אוּנְז גֶעדְרִיקְט, אַז מִיר זָאהֶלְלֶען נוּר מַאכֶען גֶעלְדְט גֶעשֶׁעפְטֶען, אוּנ אִיצְט שְׁטוּפְּט מֶען אוּנְז אוֹיךְ מִיט גֶעוַואלְד צוּא דִיא עֲבוֹדָה זָרָה פוּן גֶעלְדְט, וַוייל מֶען עֶר־וַוייטֶערְט אוּנְז פוּן אַנְדֶערֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אוּנ אַרְבֵּייט, אוּנ

דִיא וָואס בַּאשִׁיצֶען זִיךְ אִין שָׁאטֶן פוּן בִּירְזָא, דָאס אִיז דִיא וָואס הַאנְדְלֶען אוֹיפִין בִּירְזָא, וָואס דָאס אִיז הֶער גְרוּנְד פוּן אוּנְזֶערֶע שְׁלֶעכְטֶעס, דֶער מִיט גִיבֶּען מִיר אַהַאנְד יֶעדֶער שָׂטָן וּמְקַטְרֵג צוּא שְׁפָּאטִין פוּן אוּנְז. הֶערְצל דֶער־צֵיילְט נָאךְ אַשְׁלֶעכְטֶע זַאךְ הָאט עֶר גֶעפוּנֶען אוֹיף אִידֶען, עֶר זָאגְט, דֶער וַויילֶע וֶוערֶען גֶעבְּארֶען בַּייא אוּנְז מִיטֵיל גֶעלֶערִינְטֶע מֶענְטְשֶׁען, זַייעֶר פִּיל, אוּנ זַייא שְׁטַייעֶן אוֹיף זַייעֶר שְׁטַאנְד, אוּנ זַייא זַיינֶען שְׁוֶוער וִויא אַמַכָּה סַפַּחַת גִישְׁווִילֶאכְץ צוּא אַחֶבְרָה אַזוֹיא וִויא עֶס אִיז שְׁלֶעכְט פַאר אוּנְז דִיא אוֹצְרוֹת פוּן גוֹטְס, וָואס עֶס מֶעהְרְט זִיךְ בַּייא אִידֶען אִין אֵיינִיגֶע הֶענְד. זָאגְט הֶערְצל דִיא אָרֶעמֶע גֶעלֶערֶענְטֶע וָואס צְווִישֶׁען אוּנְז אַנְטְלוֹיפִין צוּא דִיא סוֹצְיַאלִיסְטֶען... אוּנ אַז עֶס וֶוערְט אַמִלְחָמָה אִין דֶער חֶבְרָה, קֶעהְרְט זִיא אִיהְר הַאנְד צוּא אוּנְז צוּם עֶרְשְׁטֶען. וַויילֶע מִיט דִיא צְוֵוייא שֶׁעקְטֶעס מִיט דֶעם פָאלְק פוּן דִיא רַייכֶע מֶענְטְשִׁין, אוּנ מִיט דִיא סוֹצְיַאלִיסְטִין בַּאנַאנְד, שְׁטֶעהֶען מִיר גֶעגֶען אַמִלְחָמָה, גֶעגֶען אַשְׁטְרַייט.

לִיבֶּע לֶעזֶער! בַּארֶעכֶענְט זִיךְ וִויא פִּיל פַארְדָארְבֶּענֶע אַנְטִיסִי־מִיטֶעסֶע רֵייד עֶר הָאט דָא אָפּ גֶערֶעדְט, עֶרְשְׁטִינְס מִיט דִיא וֶוארְטֶער וָואס עֶר זָאגְט, אַז אוּנְזֶער הַאנְד אִיז הוֹיךְ אִיבֶּער אַלֶעמֶען אִין גֶעלְדְט זַאכֶען, אוּנ אִין גֶעלְדְט גֶעשֶׁעפְטֶען, דָאס אִיז דָאךְ דִיא רֵייד פוּן דִי אַנְטִיסִימִיטֶען וָואס זַייא הָאבֶּען דָאס אוֹיס גֶעטְרַאכְט אַז בַּייא אִידֶען אִיז נָאר דִיא גֶעלְדְט, אוּנ נָאר דִיא גֶעשֶׁעפְטֶען, אוּנ מִיט דֶעם רֵייצֶען זַייא דֶעם פְּרָאסְטֶען נַארָאד, מֶען זָאהלל אִידֶען רַאבִּירֶען, אוּנ גִיסֶען זַייעֶר בְּלוּט, קוּמְט הֶערְצל אוּנ שְׁטֶעלְט זִיךְ אוֹיס אַז עֶר אִיז אוֹיךְ אַאִיד, אוּנ זָאגְט אִין אוּנְזֶער נָאמֶען אַז מִיר זַיינֶען דִיא רַייכְסְטֶע פוּן דֶער וֶועלְט, אוּנ אַז בַּייא אוּנְז אִין הַאנְד אִיז אַללֶע גֶעשֶׁעפְטֶען. דֶער־מִיט רֵייצְט עֶר אָן אַללֶע שְׁלֶעכְטֶע מֶענְטְשִׁין פוּן אַלֶע פָאלְקֶער,

אַללֶע שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל, אַללֶע אַנְטִיסִימִיטֶען אוֹיף אוּנְז, אַז אַללֶע זָאהְללֶען הָאבֶּען אוֹיף אוּנְז קִנְאָה, אוּנ שִׂנְאָה, אוּנ זָאהְללֶען אוּנְזֶער אָרֶעמְקֵייט צוּ רַאבִּירֶען, אוּנ גִיסֶען אוּנְזֶער בְּלוּט, אוּנ אַגוּטֶער מֶענְטְשׁ פוּן אַנְדֶערֶע פֶּאלְקֶער זָאהְלל נִיט קֶענֶען זָאגֶען אַז עֶס אִיז נִיט רִיכְטִיג, אַז אִידֶען זַיינֶען רַייךְ נוּר אַז אִידֶען זַיינֶען דִיא אָרֶעמְסְטֶע פָּאלְק, וָוארוּם דִיא אַנְטִיסִימִיטֶען וֶועלֶען זָאגִין אָט זָאגִין דָאךְ דִיא רֶעכְטֶע פָאר־שְׁטֶעהֶער פוּן אִידֶען אַליין, אִין דֶעם נָאמֶען פוּן אַללֶע אִידֶען אַז זַייא זַיינֶען רַייכֶער פוּן אַללֶע פֶּאלְקֶער.

לִיעבֶּע לֶעזֶער! בַּארֶעכֶענְט זִיךְ צוּ וָואס שְׁרַייבְּט דָאס הֶערְצל? עֶר ווייסְט דָאךְ אַז אִידֶען זַיינֶען דִיא אָרֶעמְסְטֶע פָּאלְק פוּן אַללֶע פֶּאלְקֶער, אוּנ עֶר שְׁרַייבְּט, אַז מִיר זַיינֶען דִיא רַייכְסְטֶע! דִיא זֶעלְבֶּע רֵייד הָאבִּין גֶעזָאגְט דִיא אִינְקְוִויזִיטָאהְרִין פוּן „שְׁפַּאנְיָא", אוּנ הָאבֶּען דֶער מִיט גִימַאכְט דִיא „אִינְקְוִויזִיצְיֶע" אַז מֶען הָאט אוּנְזֶער בְּלוּט גֶענָאסִין, אוּנ אוּנְז גִיבְּרֶענְט גִיבְּרָאטִין גִיצְווּגֶען אָדֶערִין נַויים, אוּנ הָאבֶּען מִיט דֶעם אָן גִימַאכְט גֵירוּשׁ „שְׁפַּאנְיָא", מִיט דִיא וֶוארְטֶער וָואס עֶר זָאגְט אַז בַּייא אוּנְז וֶוערֶען גֶעפָֿארֶען מִיטִיל גִילֶערִינְטֶע מֶענְטְשִׁין זֵייעֶר פִיל, זֶעהְט מֶען וִויא אִיהְם שְׁטֶעכְט אַז בַּייא אִידֶען זַיינֶען דָא גִילֶערִינְטֶע, מִיט דִיא וֶוארְטֶער וָואס עֶר זָאגְט אַז אוּנְזֶערֶע גֶעלֶערֶענְטֶע אוּנ דִיא רַייכֶע זַיינֶען וִויא אַ מַכָּה (סַפַּחַת) צוּ אַחֶבְרָה, זֶעהְט מֶען וִויא וַוייט אִיהְם שְׁטֶעכְט, אוּנ עֶר הָאט גְרוֹיס פַּאר דְרוּס וָואס בַּייא אִידֶען זַיינֶען דָא גֶעלֶערֶענְטֶע אוּנ רַייכֶע, וְויא וַוייט שְׁטֶעכְט דָאס אִיהְם, אַז עֶר הָאט קֵיין אַנְדֶער אוֹיס דְרִיק נִיט גֶעפוּנֶען נוּר שְׁרִיפְטְלִיךְ צוּ גְלַייכִין זֵייא צוּ אַסַפַּחַת, דָאס אִיז אַ אוֹיס דְרִיק גָאר נִיט פוּן אַמֶענְטְשִׁין, נוּר פוּן אַמָארְד־לִיבֶען אַנְטִיסִמִיט: לִיעבֶּע לֶעזֶער! דִי חוּצְפָּה אִיז צוּ גְרוֹיס אַזוֹיא צוּ זָאגֶען צוּ 10 מִילְיָאן אִידֶען וָואס זֵייא הָאבֶּען פִיל גֶעלֶערֶענְטֶע אוּנ רַייכֶע מֶענְשֶׁען, מִילְיָאנֶערִין

וָואס דיא גַאנְצֶע וֶועלְט מְלָכִים הָאבֶּען צוּ זֵייא אַגְרוֹיסֶען צוּ טְרוֹיא אוּנ פוּן זֵייא זַיינֶען דָא אָבּ גֶעקְלִיבֶּענֶע אִין דִיא פַּארְלַאמֶענְטִין אִין סֶענַאט, וָואס כְּרִיסְטֶען אַלֵיין קְלַייבֶּען זֵייא אוֹיס, קוּמְט אַפֶּעלֶעטְאַנִיסְטֶעל אַטֶענְצֶערִיל אִין אַ טְהֶעאַטֶער אוּנ זָאגְט אַז זֵייא זַיינֶען וִויא „אַסְפַּחַת" צוּ אַחֶבְרָה, קֵיין גְרֶעסֶערֶע סַפַּחַת וִוי עֶר אִיז אַלֵיין דַארְף מֶען שׁוֹין נִיט, לְכָל הַפְּחוֹת הָאבִּין דָאךְ דִיא עֶרְלִיכֶע צִיוֹנִיסְטֶען גֶעדַארְפְט פְּרֶעגִין בַּייא אִיהְם, אַז דוּ פַּארְהַאסְט אַזוֹיא אוּנְזֶער נַאצְיָאן, אוּנ דוּ גְלַייכְסְט זֵייא צוּ אַסְפַּחַת, וָוארוּם נֶעמְסְט דוּ בַּייא זֵייא גֶעלְדְט? אוּנ וִויא אַזוֹיא ווִילְסְטוּ זַיין בַּייא אַסְפַּחַת אַ פְּרֶעזִידֶענְט? מִיט דִיא וֶוארְטֶער וָואס עֶר זָאגְט אַז אוּנְזֶערֶע אָרֶעמֶע שְׁטוּדֶענְטֶען גֵייעֶן אַוֶועק צוּ דִי סוֹצִיאַלִיסְטֶען, מִיט דֶעם גִיט עֶר אַפַּאלְשֶׁען דַאנָאס שְׁרִיפְטְלֶעךְ צוּ אַללֶע רֶעגִירוּנְגֶען אוֹיף אַללֶע אִידֶעשֶׁע שְׁטוּדֶענְטֶען, אַז זֵייא זַיינֶען סוֹצִיאַלִיסְטֶען, דָאס אִיז אַלְלֶעם רֵייד פוּן אַנְטִיסִימִיטֶען, אוּנ גֶעלְדְט וִויל עֶר בַּייא זֵייא אוֹיךְ נֶעמֶען, וִויא פַּאלְשׁ דֶער דַאנָאס אִיז וֵוייסְט יֶעדֶער מֶענְטְשׁ, אַז דֶער אָרֶעמֶער שְׁטוּדֶענְט זוּכְט נוּר צוּא פַּאר דִינֶגען זַיין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט, עֶר זָאהְלל קֶענֶען עֶנְדִיגֶען זַיין קוּרְס שְׁטוּדְיוּם, אוּנ פִיל פוּן זֵייא לַיידֶען הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט, אוּנ פּוּסְטֶע נַאכְט לִיגְט זֵייא גָאר נִיט אִין זִינֶען, קוּמְט הֶערְצל אוּנ גִיט אַפַּאלְשֶׁען דַאנָאס אַז זֵייא גֵייעֶן אַוֶועק צוּא סוֹצִיאַלִיסְטֶען, דָאס אִיז אוֹיס גֶעשְׁטֶעלְט פוּן אַנְטִיסִימִיטֶען, אַז מֶען זָאהְלל אִידֶען גָאר נִיט צוּ לָאזֶען שְׁטוּדִירֶען, אוּנ דֶער פַּאלְשֶׁער דַאנָאס בְּלַייבְּט אוֹיף דוֹר דוֹרוֹת, אוּנ אוּנְזֶערֶע אוּמְשׁוּלְדִיגֶע קִינְדֶער וֶועלֶען דֶער פוּן חַס וְחָלִילָה לַיידֶען...

מִיט דִיא וֶוארְטֶער וָואס עֶר זָאגְט, אַז עֶס וֶוערְט אַמִלְחָמָה, בַּייא דִיא חֶבְרָה, שְׁלָאגֶען אוּנְז אוּנְזֶערֶע שְׁטוּדֶענְטֶען פָאר־אוֹיס דֶער־מִיט ווִיל עֶר מַאכֶען אַשִׂנְאָה צְווִישֶׁען אוּנְז, אוּנ עֶר וִויל אַז מִיר

זָאהְלֶעְן אויך קֵיין רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אויף אוּנְזֶערֶע אָרֶעמֶע קִינְדֶער אוּנ מִיר זָאהְלֶעְן אֵיינֶע דִיא אַנְדֶערֶע טְהוּן שְׁלֶעכְטֶעס. מִיט דִי וֶוארְטֶער וָואס עֶר זָאגְט, אַז מִיט דִיא 2 מַחֲנוֹת, מִיט דֶעם פָאלְק, רַייכֶע אוּנ סוֹצִיאַלִיסְטֶען, שְׁטֶעהֶען מִיר מִיט אַמִלְחָמָה, זֶעהְט מֶען אַז עֶר רֶעכֶענְט שְׁטַארְק אַז מִיר זָאלֶען זִיךְ חַס וְחָלִילָה צְווִישֶׁען זִיךְ שְׁלָאגֶען...

אִין זַייטֶע 14 אִין גֶעפֶּערְלִיכֶען בִּיכֶעל „מְדִינַת הַיְהוּדִים" זָאגְט הֶערְצל דִיא וֶוארְטֶער, „וּבְהַגִּידִי מִשְׁפַּט הַצֶּדֶק הַזֶּה בְּלִי מַשֹּׂא פָּנִים, אָעִיר עָלַי, בְּלִי תְּפוּנָה, חֲמַת אַחַי בְּנֵי עַמִּי הַחַיִּים בְּטוֹבָה. אִם יֵשׁ בָּהֶם אֲנָשִׁים הַמִּתְבּוֹנְנִים לַהֲנָאָתָם וְדוֹאֲגִים רַק לִשְׁלוֹם עַצְמָם, פֶּן יָבֹאוּ לִידֵי הֶפְסֵד מָמוֹן וְחֶסְרוֹן כִּיס אֶת אֵלֶּה אֶתְעַב מֵעֹמֶק לִבִּי וְלֹא אֶשְׁעֶה אֲלֵיהֶם". ד. ה. הֶערְצל זָאגְט אוּנ וֶוען אִיךְ זָאג דֶעם מִשְׁפַּט צֶדֶק, דִיא רִיכְטִיגֶע אוּהרְטְהֵייל אָפְּפֶען, וֶועל אִיךְ דֶער־וֶועקֶען אִין אַצְווֵייא־פִּיל, דֶעם כַּעַס פוּן מֵיינֶע בְּרִידֶער פוּן מַיין פָאלְק, וָואס לֶעבֶּען גְלִיקְלִיךְ, אוֹיב עֶס אִיז דָא פוּן זֵייא מֶענְשֶׁען, וָואס טְרַאכְטֶען מֶעהְר נִיט נוּר זֵייעֶר אֵייגֶענֶע טוֹבָה, אוּנ זֵייא פִּירְכְטֶען זִיךְ פִילֵייכְט וֶועלֶען זֵייא קוּמֶען צוּ אַ שָׁאדֶען פוּן גֶעלְדְט, זָאגְט הֶערְצל אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשֶׁען פַאר אוּמְווירְדִיג אִיךְ, צוּ זֵייא וֶועל אִיךְ זִיךְ נִיט קֶערֶען.

הֵיילִיגֶע אִידֶען! בַּארֶעכִינְט זִיךְ וָואס אִיהְר טְהוּט, דֶער וֶועקְט נִיט אוֹיף זִיךְ חַס וְחָלִילָה דֶעם כַּעַס, דֶעם גְרִים־צָאהרֶען פוּן הֶערְצְלֶען, עֶר וֶועט זִיךְ נִיט קֶערִין צוּ אַייךְ, אוּנ אוֹיב אִיהר שְׁרֶעקְט זִיךְ שְׁטַארְק, גִיט אִיהם אַוֶועק אַייעֶר פַארְמֶעגִין אִין גַאנְצֶען, אוּנ זֶעהְט צוּ בֶּעטֶען, בַּייא זַיינֶע בַּעֲלֵי אֱמוּנָה, וָואס גְלוֹיבֶּען נוּר אִין אִיהם, בַּייא דֶעם „לִיעדֶער" בַּייא דֶעם „שְׁפַּאצְקִינֶער" בַּייא דֶעם „טְרָאקֶער" זֵייא זָאהְלֶען אַבִּיסִיל זַיין כַּעַס שְׁטִילֶער מַאכֶען, זֶעהְט זֵייא מְפַיֵּיס צוּ זַיין מִיט אַבִּיסִיל שׁוֹחַד, אַז נִיט זוּכֶען זֵייא אַז אוּנְזֶער גַאנְצֶע גַאצְיָאן זָאהְלֶען זַיין שְׁקְלַאפְּפִין (עֲבָדִים) בַּייא דֶעם מְשׁוּגֶענֶעם אַנְטִיסֶמִיט

בּייא דֶעם מָארְדֶער, הֵיילִיגֶע אִידֶען! מִיר זַיינֶען גִינוּג לְלַעַג וּלְקֶלֶס, מֶען לַאכְט גוּט אֶפּ פוּן אוּנְז, אוּנ פְרֶעגְט בַּייא דִיא רַבָּנִים צִיוֹנִים וָואס מֵיינְט פָארְט הֶערְצל מִיט דִיא ווָערְטֶער וָואס עֶר זָאגְט אַמִשְׁפָּט צֶדֶק? צוּ דֶער מִשְׁפָּט צֶדֶק אִיז וָואס עֶר רַאטה אוּנְז אַוֶועקְצוּוַארְפֶען אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע אֱמוּנָה? צוּ וָואס עֶר זָאגְט אַז מִיר זָאהְלֶען אַוֶועק־גֶעבֶּען אוּנְזֶער פַארְמֶיעגִין דִיא כְּרִיסְטֶען? אָדֶער וָואס עֶר זָאגְט אַז מִיר זָאהְלֶען זִיךְ אַסִימִילִירֶען? אָדֶער וָואס עֶר ווִיל אוּנְז מַאכֶען פַאר שְׁקְלַאפְּפֶין? אוּנ נָאךְ אוּנ נָאךְ אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע פַארְדַארְבֶּענֶע זַאכֶען? ...

אִין „מְדִינַת הַיְהוּדִים" זַייטֶע 17 זָאגְט הֶערְצל דִיא ווָערְטֶער, „וּבְצֵאת הַיְהוּדִים לֹא תִגְדַּל הַמְבוּכָה, פֶּרֶץ וּצְוָחָה לֹא יִהְיוּ בָּאָרֶץ, וְהָאֶזְרָחִים הַנּוֹצְרִים יִתְעַנְּגוּ עַל רֹב שָׁלוֹם; הֵמָּה יִקְחוּ עַתָּה אֶת מְקוֹם הַיְהוּדִים וּמִשְׂרוֹתֵיהֶם". ד. ה. אַז דִיא אִידֶעשֶׁע אַרוֹים וַואנְדֶערֶען ווֶעט קֵיין כְּרָאךְ קֵיין גִישְׁבַּייא נִיט מַאכֶען אִין דֶער ווֶעלְט, אוּנ דִיא כְּרִיסְטְלִיכֶע בִּירְגֶער ווֶעלֶען הָאבֶּען פֶערְגֶענִיגֶען, זַייא ווֶעלֶען צוּ בֶּעהֶמֶען דִיא עֶרְטֶער פוּן דִיא אִידֶען אוּנ זֵייעֶרֶע שְׁטֶעלֶען. אוֹיף אַזֶעלְכֶע רֵייד הָאט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ ע"ה גֶעזָאגְט, „יֵשׁ בּוֹטֶה כְּמַדְקְרוֹת חָרֶב" (מִשְׁלֵי י"ב י"ח), עֶס אִיז דָא אַמֶענְטְשׁ וָואס עֶר רֶעדְט אַמָאהְל, אוּנ אִיז מַזִּיק מִיט זַיינֶע רֵייד, גְלַייךְ ווִיא מֶען שְׁטֶעכְט אֵיינֶעם מִיט אַשְׁווֶערְד: לִיעבֶּע לֶעזֶער! מִיט אַזֶעלְכֶע רֵייד מַאכְט מֶען אַז מֶען זָאהְל אוּנְזֶער אָרֶעמֶע בְּלוּט גִיסֶען אוּמְזוֹינְסְט, דַארְפֶען דֶען דִיא „פָּאגְרָאמְשְׁצִיקֶעס" וָואס רַאבִּירֶען אִידֶען, הָאבֶּען ווֶער עֶס זָאהְל זַייא אָנְרֵיידֶען דֶער צוּ? אִיז דֶען נִיט גִינוּג פַאר זַייא הֶערְצל מִיט זַיינֶע רַבָּנִים צִיוֹנִים? ווִיסֶען זַייא דֶען נִיט אַז מֶען זָאהְל אוּנְזֶער אָרֶעם בְּלוּט חַס וְחָלִילָה גִיסֶען? הָאבֶּען דֶען דִיא רַבָּנִים צִיוֹנִים נִיט גֶעמַאכְט אַז מֶען זָאהְל אַוֶועק נֶעמֶען פוּן אוּנְזֶערֶע אָרֶעמֶע פַאר שְׁוַואכְטֶע

אִידֶען, דִיא צְדָקָה גֶעלְדְט', אוּנ אַוֶועק־גֶעבִּין דִיא אַנְטִיסִימִיטֶען, אַז
זַייא זָאהְלֶלֶען דְרוּקֶען דֶער פַאר דִיא אַנְטִיסִימִיטֶעשֶׁע בִּיכְלַאךְ, אוֹיף
אַללֶע שְׁפְּרַאךְ? אַז מֶען זָאהְלל וַוייזֶען דִיא פָּאגְרָאמְשְׁצִיקֶעס אַז פַאר
זַייא אִיז אַגְלִיק, אַז מֶען זָאהְלל אִידֶען רַאבִּירֶען אוּנ גִיסֶען זַייעֶר
אָרֶעם בְּלוּט? זַייגֶען זַייא דֶען נִיט אוּנְזֶערֶע רוֹצְחִים, וָואס טְרִינְקֶען
אוּנְזֶער בְּלוּט? אָה! הֵיילִיגֶער גָאט! דוּ הָאסְט אוּנְז אַזוֹי פִּיל מָאהְלל
מַצִיל גִיוֶועזֶען פוּן אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים, זַייא אוּנְז מַצִיל פוּן דִיא „רוֹצְחִים"
אוּן גִיבּ פַאר שְׁטַאנְד דִיא עֶהְרְלִיכֶע צִיוֹנִים אַז זַייא זָאהְלֶלֶען פַאר־
שְׁטֵיין. אַז זַייא פִיהְרֶען אוּנְזֶער אָרֶעמֶע פָאלְק שֶׁחְטִין רַחֲמָנָא לִצְלָן.

אִין זַייטֶע 18 אִין בְּלוּטִיגֶען אַנְטִיסִימִיטִישֶׁען בּוּךְ „מְדִינַת
הַיְהוּדִים" שְׁרַייבְּט הֶערְצל דִיא וֶוארְטֶער; „הֶחָפֵץ לִבְנוֹת בִּנְיָן חָדָשׁ,
בִּמְקוֹם הַיָשָׁן, עָלָיו לַהֲרוֹס וְאַחַר כֵּן לִבְנוֹת, אֶת הַסֵדֶר הַנָּכוֹן הַזֶה
אֶשְׁמוֹר גַם אֲנִי. ד. ה. הֶערְצל זָאגְט וֶוער עֶס וִויל בּוֹיעֶן אַנַייעֶם בִּנְיָן
אַנְשְׁטַאט דֶעם אַלְטֶען, דַארְף עֶר פְרִיעֶר צוּ־רַייסֶען דֶעם אַלְטֶען,
דֶעם גוּטֶען סֵדֶר זָאגְט הֶערְצל, וֶועט עֶר אוֹיךְ הִיטֶען, ד. ה. עֶר וִויל
גֶעבִּין צוּ פַאר שְׁטֵיין, פַאר וָואס עֶר הֵייסְט אַללֶעס בַּייא אוּנְז אַוֶועק־
גֶעמֶען, זָאגְט עֶר אַז דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז אַז מֶען וִויל אוֹיף בּוֹיעֶן אַנַייעֶ
הוֹיז, דַארְף מֶען דָאךְ דִיא אַלְטֶע צוּ בְּרֶעכֶען, זֶעהְט לִיעבֶּע לֶעזֶער:
וִויא עֶר לַאכְט פוּן אוּנְז, אוּנ הַאלְט אוּנְז עֶרְגֶער וִויא בְּהֵמוֹת, וֶוען
אֵיינֶער הָאט גֶעלְדְט אוּנ וִויל בּוֹיעֶן אַנַייעֶם בִּנְיָן גִיוֵויינְטְלִיךְ צוּ רַייסְט
עֶר פְרִיהֶער דֶעם אַלְטֶען בִּנְיָן, אָבֶּער אַז דָאס זָאהְלל טָאהְן אַמֶענְטְשׁ
וָואס הָאט קֵיין שׁוּם מִיטִיל נִיט צוּ בּוֹיעֶן אַנַייעֶם בִּנְיָן, אִיז עֶר דָאךְ
אַמִתְחַיֵיב בְּנַפְשׁוֹ אַמְאַבֵּד עַצְמוֹ לָדַעַת, אוּנ בִּפְרַט נָאךְ אַז מֶען רֵייצְט
אָן פְרֶעמְדֶע שׂוֹנְאִים זָאהְלֶלֶען צוּ רַייסִין גָאר אָן רַחֲמָנוֹת, אִיז מֶען
דָאךְ בְּוַדַאי אַמְאַבֵּד עַצְמוֹ לָדַעַת, הֶערְצל הֵייסְט אַז מִיר זָאהְלֶלֶען
אַללֶעס אַוֶועק־גֶעבֶּען, אוּנ רֵייצְט אָן אַז אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים זָאהְלֶלֶען

אַללֶעס בַּייא אונְז אַוֶועק גֶעמֶען. אונ וויא צוּ גֵיין, אונ מִיט וָואס צוּ גֵיין, הָאבֶּען מִיר אויךְ נִיט, אונ אַז מִיר זָאהְללֶען אַיין שְׁטִימֶען אִין אַזֶעלְכֶע פּוּסְטֶע מֶארְדֶערְלִיכֶע זַאכֶען, זַיינֶען מִיר דָאךְ חַס וְחָלִילָה מְאַבְּדִים אֶת עַצְמָם לָדַעַת. הֶערְצל פָּאר לַאנְגְט אַז אַללֶעס זָאהְללֶען מִיר אַוֶועקְגֶעבִּין, אונ מִיר זָאללֶען חַס וְחָלִילָה גֵיין אִיבֶּער דֶער וֶועלְט בֶּעטְלֶען, אונ וֶוער וֶועט אוֹיף אונְז רַחֲמָנוּת הָאבִּין? אונ וֶוער וֶועט אונְז צוּ נֶעהְמֶען? אונ צוּ הָאבִּין דִיא צִיוֹנִיסְטֶען מַאכְט צוּ גֶעבִּין אִידֶען אֲפִילוּ אֵיין מְאהְלל אֶפֶּעסִין? לִיעבֶּע לֶעזֶער! דִיא אַנְטִיסִימִיטֶען זוּכֶען נוּר אוּנְז אוּמְגְלִיקְלֶעךְ צוּ מַאכֶען.

אוֹיף זַייטֶע 26 זָאגְט הֶערְצל דִיא וֶוארְטֶער! „דָבָר גָדוֹל וְנִכְבָּד בְּעֶרְכּוֹ הוּא אֶל כָּל הַמַמְלָכוֹת. אֲשֶׁר מָצָא הָאַנְטִיסִימִיטִיזֶם קַן לוֹ בָּהֶן, לָתֵת לָנוּ אֶרֶץ וּמֶמְשָׁלָה בִּפְנֵי עַצְמָה". ד. ה. הֶערְצל זָאגְט אַגְרוֹיסֶע זַאךְ אַנִיעֶהְרְלִיכְטֶע צוּא אַלְלֶע רֶעגִירוּנְגֶען, (דָאס מֵיינְט עֶר אַז אַגוּטֶע זַאךְ) הָאט גִיפוּנֶען דִיא אַנְטִיסִימִיטִיזֶם אַנֶעסְט אִין דֶעם אַז מֶען זָאהְלל אוּנְז אִידֶען גֶעבֶּען אַמְלוּכָה פַּאר זִיךְ. דָא אִיז אַבִּיסֶל נִיט דֶער רֶעדְט, אָבֶּער עֶס אִיז לַייכְט צוּא פַּאר שְׁטֶעהְן אַז עֶר זָאגְט צוּא אַלְלֶע מְלוּכוֹת, אַז דִיא אַנְטִיסִימִיטִיזֶם הָאט פַּאר זַייא גִיפוּנֶען אַגוּטֶע זַאךְ, אַז מֶען זָאהְלל אִידֶען גֶעבֶּען אַמְלוּכָה אַבַּאזוּנְדֶערֶע, וֶועלֶען זַייא פְרַייא וֶוערֶען פוּן אִידֶען, דָאס אִיז אוֹיךְ גוּטֶע אַנְטִיסִימִיטִישֶׁע רייד, אַז אִידֶען וָואלְטֶען וִוירְקְלִיךְ שׁוֹין הָאבֶּען אַמְלוּכָה אונ הָאבֶּען וִויא צוּא גֵיין, אַז מֶען וָואלְט הֵייסִין גֵיין אַלְלֶעמֶען אִין זַייעֶר מְלוּכָה וָואלְט דָאס אוֹיךְ גֶעוֶוען אַגְרוֹיסֶע גְזֵירָה, אונ בִּפְרַט אִיצְט, אַז מִיר הָאבֶּען נִיט קֵיין אָרְט וִויא צוּא גֵיין, אונ נִיט מִיר הָאבֶּען מִיטְלֶען מִיט וָואס צוּא גֵיין, דֶער כְּלָל אִיז הֶערְצל זוּכְט נוּר אַז מֶען זָאהְלל טְרַייבֶּען

אידען פון אללע לאנדער, אפילו פון די לאנדער וואס אידען האבען דארטען אללע פרייהייט:

אויף זייטע 26 פון איינקוויזיטארסקען ביכל מדינת היהודים שרייבט הערצל די ווארטער, „נחוצים לנו שני פועלים גדולים; „אגודת היהודים" ("Society iews") ורעותה „החברה היהודיות" ("jewish Kompany") את אשר תכין הראשונה בדרך מדעי ומדיני אותו תוציא השנית לפעולה. החברה היהודית תעסוק במכירת כל נכסי היהודים היוצאים ותכלכל גם את מעשיהם ועסקיהם בארץ החדשה". ד. ה. הערצל זאגט עס איז אונז נייטיג צווייא ארבייטער גרויסע איינע רופט ער „אגודת היהודים" „איודענבונד" אונ די צווייטע רופט ער „החברה היהודיות" וואס די ערשטע, דאס איז די חברה „אגודת היהודים" וועט אן גרייטען וויא פיהרער פון אמדינה פון אלאנד, דאס וועט די אנדערע די „חברה היהודיות" איספאלנען, (וועט זיא מקיים זיין), זאגט ווייטער הערצל די „חברה היהודיות" וועט זיך פאר נעמען מיט פאר קויפען אללע גיטער, הייזער פון אידען, זיא וועט אויך זייערע געשעפטען פיהרען אין די נייע לאנד: ליעבע לעזער! וויא געפעלט אייך דער צדיק? די קאפ פון די ציוניסטען? וויא געפעלט אייך זיין יושר? אז פאר קויפען די הייזער אונ געשעפטען אין אלטען לאנד, אונ פיהרען די געשעפטען אין די נייע לאנד, זאהללען פיהרען זיין חברה! אונ דער. איר וואס האט פארהארעוועט מיט זיין שוויים, מיט זיין נפש, מיט זיין בלוט, זיין הויז אדער דעם געשעפט, דער זאהלל קיין דעה ניט האבען, אונ נאך מעהר. אין די נייע לאנד זאהללען זייערע געשעפטען אויך פיהרען זיין חברה, האט מען דאך גידארפט פרעגען בייא איהם, וואס וועלען טהון די בעלי בתים? די פראגע קען מען אפילו אליין פאר־

ענטפערען, ער זאגט דאך אויף זייטע 36 אז אללע וועלען דארפען טהון 7 שעה אין טאג קאזאנע ארבעט, וויא (ארעסטאנטקאזא ראטעה) אדער וויא (שקלאפפער) (עבדים). אבער עס איז דאך דא נאך אפראגע, מיט וואס וועלען אידען ארום גיין? אונ מיט וואס וועלען זייא מאכען אין דיא נייע לאנד געשעפטען פאר זיין חברה? אונ נאך אפראגע איז דא; ווער וועט זיין, זיין חברה? אז אידען וועלען ניט האבען דאס רעכט, אפילו אייגענע הייזער, אונ געשעפטען צוא פארקויפען, וועלען זייא דאך געוויס פרעמדע אידעשע הייזער אונ געשעפטען ניט האבען רעכט צוא פאר־קויפען? נור ליעבע לעזער! עס איז לייכט צוא פאר שטעהן אז ער מיינט אז דיא חברה זאהללען זיין קריסטין, אונ בפרט אויף זייטע 32 אין זיין פארדארבענעם ביכל זאגט ער בפירוש, אז דיא פיהרער פון אידעשע געשעפטען, זאהללען זיין נוצרים (קריסטען), אונ מען דארף פארשטעהן, אז זיין חברה איז אנטיסימיטען, ער איז געוועזן א אנטיסימיט, אונ איז היינט אויך א אנטיסימיט, א אינקוויזיטאר, עס איז אגרויסע וואונדער אז עס געפינען זיך פון אידען מענשין וואס שטימען איין אויף אזעלכע מארדערליכע רייד, אונ מען גיט נאך איהם געלדט אונ גרויס עהרע ער זאהלל קענען אפּ לאכען, אונ אומגליקליך מאכען אידען, מען קען פארשטעהן אז דער גרעסטער ציוניסט אז מען וועט איהם זאגען גיב אוועק דיין הויז, דיין געשעפט, אין דיא הענד פון הערצלס חברה, אונ דוא גייא ארבעט קאזאנע ארבעט 7 שעה אין טאג, וועט ער דערויף אויף קיין פאהלל ניט איין־שטימען, אויף דעם קען נור איין־שטימען דער וואס וויל זיך כופר זיין, (זיך טויפען), אונ ער זוכט נור פרייא צוא ווערען פון אידען אונ דער צוא דארף ער נאך האבען, אהארץ פון „א אינקוויזיטאר" אגלגול פון טורקעמאדען....

אויף זייטע 27 אין מארדערליכען ביכל „מדינת היהודים" שרייבט הערצל דיא ווארטער, „הבאים לכונן להם ארץ חדשה בימינו, לא יוכלו לעשות זאת כמעשה הדורות הראשונים לפני אלפי שנים, אולת היא לשוב אחורנית במדרגות התרבות כאשר יחשבו אחדים מ„חובבי ציון", לו נטל עלינו, למשל, לגרש חיות רעות מן הארץ, אי אפשר שנלך בעקבות יושבי אירופא במאה החמישית, לא נצא יחידים, ואיש איש רומחו וחניתו בידו, לקראת הדובים; כי אם נתאסף לאגדת צידים בהמון חוגג וקול תרועה להחריד את אוכלי האדם ממעון רבצם ובהאספם למקום אחד נשליך כדורי מות תחתיהם". ד. ה. הערצל זאגט דיא וואס קומען איין שטרויען אנייע לאנד, אין אונזער צייט, וועלען זייא ניט טהון וויא פאר צייטיגע דורות, פאר טויזענדער יאהרען, עס איז אדומהייט צוא קערען זיך קריק אין דיא מדריגות פון תרבות אזויא וויא עס רעכענען איינינגע פון „חובבי ציון". ווען למשל עס וואלט געלעגען אויף אונז אפפליכט ארויס טרייבען, חיות רעות פון לאנד, איז ניט מעגליך אז מיר זאהללען גיין אין דיא טריט פון דיא באזיצער פון „אירופא" אין 5 טען הונדערט יאהר מיר וועלין ניט ארויס גיין איינציגע מענשען, יעדער מיט זיין שווערד אונ שפיז אין האנד גענגען דיא בערען. נור מיר וועלען זיך צוא־זאמען קלייבען אגאנצע אגדת חברה פון יאגט־מענשען, מיט שטורעם אונ אקול פון שאלען צוא דער־שרעקען דיא מענשען־פרעסער פון זייער רואונג, אונ אז זייא וועלען זיך צוא־זאמען קלייבען אין איין ארט וועלען מיר ווארפען באמבעס אונטער זייא. דא רעדט הערצל אביסעל פאר־שטעלט, נור עס איז גאר לייכט צוא פאר־שטעהן אז ער פיהרט אונז אויף בלהמה, און זיינע אללע ווארטער וואס ער רעדט דא, איז

אַלְלֶעם שֶׁעדְלִיךְ פַאר אוּנְזֶערֶע אִידֶען, אוּנ אוֹיסֶער וואס עֶר
לַאבְּט אָפּ פוּן אוּנְז. בְּרֵיינְגְט עֶר אוֹיף אוּנְז קִנְאָה אוּנ שִׂנְאָה, אַז
עֶר זָאגְט מִיר וֶועלֶען הַאלְטֶען מִלְחָמוֹת (שְׁטְרֵייטֶען) מִיט אַלְלֶע
פֶּאלְקֶער, אַז עֶר זָאגְט אַז אַלְלֶע וֶועלֶען זִיךְ צוּא זַאמֶען קְלַייבֶּען,
וֶועלֶען מִיר וַוארְפֶען אוּנְטֶער זֵייא קוֹילֶען, דָאס הָאבֶּען דָאךְ
גֶעדַארְפְט פְרֶעגֶען דִיא רַבָּנִים צִיוֹנִים, וָואס וֶועלֶען דַאן יֶענֶע
פֶּאלְקֶער טְהוּן? זֵייא הָאבֶּען דָאךְ הַארְמַאטֶען דִינָאמִיט, אוּנ זֵייא
זֵיינֶען גֶעלֶערִינְטֶע קְרִיגְס־לַייט, אוּנ גֶעלְדְט הָאבֶּען זֵייא, אוּנ
מֶענְטְשֶׁען הָאבֶּען זֵייא, אוֹיף יֶעדֶער אִידֶען, הוּנְדֶערְט. מֶען הָאט
דָאךְ גֶעדַארְפְט פְרֶעגֶען בַּייא אִיהְם, וָואס פַאר נוּטְצֶען קֶען
בְּרֵיינְגֶען אַזֶעלְכֶע מְשׁוּגָענֶע פַאר דָארְבֶּענֶע רֵייד? דָאס קֶען דָאךְ
נוּר חַס וְחָלִילָה בְּרֵיינְגֶען צוּא אַשְׁטְרֵייט אַז מֶען זָאהְלְל אוּנְזֶער
בְּלוּט גִיסֶען. אוּנ מֶען הָאט דָאךְ גֶעדַארְפְט פְרֶעגִין בַּייא אִיהְם
מִיט וָואס וֶועסְטוּא פִיהְרֶען אַלְלֶע אִידֶען? אוּנ אַוִויא־הִין וֶועסְטוּא
זֵייא פִיהְרֶען? אוּנ וֶוער וֶועט זֵייא אַרַיין לָאזֶען? אַז דוּא אַלֵיין
זָאגְסְט דָאךְ אַז מִיר וֶועלֶען מַאכֶען שְׁטְרֵייט מִיט זֵייא, אוּנ רוּפְסְט
זֵייא מֶענְשֶׁען־פְרֶעסֶער? מֶען הָאט דָאךְ גֶעדַארְפְט פְרֶעגֶען בַּייא
אִיהְם, צוּא וֶועלֶען הָאבֶּען אִידֶען אֲפִילוּ אֵיין מָאהְלְל אַלְלֶע אָפּ
צוּא עֶסִין? דָא זֶעהְט מֶען אוֹיךְ אַז עֶר אִיז אוֹיס־גֶעשְׁטֶעלְט פוּן
אַנְטִיכְרִיסְטֶען, אוּנ וִויל נוּר דֶער וֶועקֶען אַלְלֶע פֶּאלְקֶער, אַז
זֵייא זָאהְלְלֶען פַאר גִיסֶען אוּנְזֶער אָרֶעמֶע בְּלוּט, דֶער פוּן קֶען
מֶען אוֹיךְ זֶעהְען, וִויא הֶערְצֶל הָאט גֶעמֵיינְט צוּא קוֹיפֶען
פַּלֶשְׁתִּינָה, אוּנ בַּאקוּמֶען אַסְאַגְלַאסְיֶע פוּן אַלְלֶע מְלָכִים, אַז עֶר
זָאגְט זֵייא אָן פָאר אוֹיס אִין אוּנְזֶער נָאמֶען אַז מִיר וֶועלֶען מַאכֶען
מִיט זֵייא שְׁטְרֵייטִין: הֵיילִיגֶע אִידֶען! בַּארֶעכֶענְט זִיךְ וָואס פַאר
אִיסוּר גָּם אִיז אוֹיף אוּנְז רַחֲמָנָא לִצְלָן פוּן הִימֶעל, אַז אֵטְהִייל

אידען זיינען אַזוי בְּלִינְד געוואָרען אַזוי פאַר טומעלט, אַז זייא ווילען פִיהרען אידען מיט געוואַלד לִשְׁחִיטָה רַחֲמָנָא לִצְלָן. אונ מיט אונזערע אָרעמע צְדָקָה געלדט ווילען זייא פון אונז מאַכען רַחֲמָנָא לִצְלָן אַכְלָיָה, אַז חַס וְחָלִילָה לֹא יִזָּכֵר שֵׁם יִשְׂרָאֵל עוֹד:

אויף זייטע 32 אין משוגעגעם אַנְטִיסֶמִיטִישֶׁען בּיכעל „מְדִינַת הַיְהוּדִים" שרייבט הערצל דיא ווערטער, „הַחֶבְרָה" (דאס איז דיא חֶבְרָה הַיְהוּדִית, וואס ער האט געזאָגט אין זייטע 26) תְּקַבֵּל אֶת כָּל הַנְּכָסִים הַנֶּעֱזָבִים וּתְחַכֶּה עַד בּוֹא שְׁעַת הַכֹּשֶׁר לְמָכְרָם, הִיא תְקַבֵּל שְׂכַר הַדִּירוֹת, תַּשְׂכִּיר אֶת הָאֲחוּזוֹת וְתַפְקִיד פְּקִידִים בְּבָתֵּי הַמִּסְחָר, וְאַלַי גַּם-לְבַל יָבֹאוּ לִידֵי תְקָלָה-תִּתֵּן אוֹתָם בַּחֲכִירָה לְעִתִּים קְבוּעוֹת, הַחֶבְרָה תִּשְׁתַּדֵּל בְּכָל עֵת לְהָקֵל עַל הַחוֹכְרִים-הַנּוֹצְרִים-אֶת אֹפֶן קִנְיַן הַנְּכָסִים הָהֵם, בִּכְלַל תָּחֵל לְהוֹשִׁיב לְאַט לְאַט בְּשִׁלְטוֹן נְכָסֶיהָ בְּאֵירוֹפָּא פְּקִידִים נוֹצְרִים חָפְשִׁים וּבִלְתִּי נֶחְשָׁדִים שֶׁעַבְדֵי הַיְהוּדִים הֵמָּה"..... ד. ה. הערצל זאָגט, אַז דיא חֶבְרָה הַיְהוּדִית וועט אופּראָוולאַיעגען, וועט פִיהרען אַללע אונזערע גיטער, וואס מיר וועלין דא לאָזען, אונ אין דיא ערטער וואס מיר וואַנדערען אַרויס, אונ זיא וועט וואַרטען ביז עס וועט קומען אַ ערעכטע צייט צוא פאַר קויפען דיא גיטער, זיא, דיא חֶבְרָה. וועט נעמען דירה געלדט, אונ איין טְראַגען. דיא חֶבְרָה וועט פאַר דינגען דיא גיטער אונ וועט נעמען פבריקאַשציקעס אין דיא געשעפטען, אונ אֶפְשֶׁר אַז דיא גיטער זאָהללען ניט קומען לִידֵי תְקָלָה, זייא זאָהללען ניט פאַר דאַרבּען ווערען, וועלען זייא אַוועקגעבען דיא גיטער אויף אָרענדע, אויף באַשטעלטע אויס־גיזעצטע צייטען. זאָגט הערצל, דיא חֶבְרָה וועט זוכען אַללע צייטען צוא פאַר גרינגערין דיא אַרענדאַטאָרעס דיא נוֹצְרִים... דעם פאָהלל ווי אַזוי צוא

קויפֶען דיא גִיטֶער, בִּכְלַל וֶועט דיא חֶבְרָה, אָנְפַאנְגֶען בִּיסְלֶעבְּ־וַויים, צוא זֶעצֶען פַאר ווירְטֶען פְּרִיקַאשֶׁצִיקֶעם אִין דיא גֶעשֶׁעפְּטֶען נוֹצְרִים פְרַייעָ... נור מֶען זָאהְלל חַס וְחָלִילָה זַייא דיא כְּרִיסְטְלִיכֶע פְּרִיקַאשֶׁצִיקֶעם נִיט חושֵׁד זַיין, נִיט רֶעכֶענֶען אַז זַיינֶען אִידֶעשֶׁע קְנֶעכְט, פְּרִיקַאשְׁצִיקֶעם.... לִיעבֶּע לֶעזֶער! אִיךְ פַאר שְׁטֶעה נִיט וֶועלְכֶער מֶענְשׁ וֶועט אֵיין שְׁטִימֶען אויף דֶעם אַנְטִיסִימִיטִישֶׁען פְּלַאן, אֲפִילוּ דֶער גְרֶעסְטֶער מְשׁוּגָע פוּן דיא צִיוֹנִיסְטֶען וֶועט אויךְ נִיט אֵיין שְׁטִימֶען, אַז עֶר זָאהְלל אַוֶועק־גֵיין אַנַאקֶעטֶער אַהֵיילֶער, אַהוּנְגֶערִיקֶער, אוּנ זַיין הויז, זַיין גוּטְס, זָאהְלל עֶר אַוֶועק־גֶעבֶּען כְּרִיסְטְלִיכֶע פְּרִיקַאשֶׁצִיקֶעם, אוּנ מֶען זָאהְלל חַס וְחָלִילָה דיא פְּרִיקַאשֶׁצִיקֶעם נִיט חוֹשֵׁד זַיין אַז זַייא זַיינֶען בַּייא אִידֶען פְּרִיקַאשְׁצִיקֶעם, וויא קֶען מֶען דָאס מַאכֶען? דָאס קֶען מֶען נור מַאכֶען אַז מֶען זָאהְלל זַייא אַרוֹיס־גֶעבֶּען, אַז דָאס אִיז זַייעֶרֶע אֵייגֶענ־טוּם, אוּנ דֶער בַּעַל הַבַּיִת דֶער ווירְט, וָואס הָאט דָאס פַארְהָארֶעוֶועט זָאהְלל נִיט זַיין עֶרְלויבְּט צוא זָאגֶען אַז דָאס אִיז זַיינֶע. הֶערְצל הָאט אֲפִילוּ דָאס נִיט גִידַארְפְט שְׁרייבֶּען, דיא כְּרִיסְטְלִיכֶע פְּרִיקַאשֶׁצִיקֶעם, וָואלְטֶען אַלֵיין פַאר־שְׁטֶעהְן נִיט אַוֶועק־גֶעבֶּען אִידֶען, אַז עֶס אִיז נִיט אִין זַייעֶר הַאנְד, גֶעפִינֶען זִיךְ אויךְ אַזֶעלְכֶע וָואס גֵייעֶן אַוֶועק־נֶעמֶען, אוּנ בִּפְרַט. אַז עֶס וֶועט זַיין אִין זַייעֶר הַאנְד...

לִיעבֶּע לֶעזֶער! מִיר דַארְפֶען פַאר־שְׁטֵיין, אַז וֶוער עֶס וֶועט אַרוֹיס־וַואנְדֶערֶען. וֶועט מֶען צוּרִיק נִיט לָאזֶען קוּמֶען, זָאגְט לִיעבֶּע לֶעזֶער! לַאכְט דֶען נִיט הֶערְצל פוּן אִידֶען? דֶער וֶועקְט עֶר דֶען נִיט דיא נוֹצְרִים, דיא כְּרִיסְטֶען, אַז זַייא זָאהְלֶען אַללֶעס אַוֶועק־נֶעמֶען בַּייא אִידֶען? אִיז דֶען נִיט זַיינֶע רַעְיוֹנוֹת פוּן אַנְטִיסִימִיטֶען אִינְקְ־וִויזִיטָארֶען? דָאס אִיז רַעְיוֹנוֹת פוּן דְזִיקֶע חַיוֹת, עֶס וֶועט מִיט דֶער

צייט אַרוים אויף קלאָהר, אַז הערצל איז אויס־געשטעלט פון אַנטיסמיטען, אַז מען זאָהלל אַללעס פון אונז אַוועקגעמען, אונ רחמנא לצלן גיסען אונזער אָרעמע בלוט, ווען זיינע מאָרדערליכע רעיונות וואָלט חס וחלילה אויס־געפיהרט ווערען. מען וואָלט דאָך דאַן קוקין אונ נייזען אויף די ציוניסטען, וויא אויף אינקוויזיטאָרען, עס וואָלט דאָך זיין דיא גרעסטע שאַנדע צו זאָגען, אַז מען איז גיוועזען אַציוניסט, אונ וויא האָבען דאס דיא ציוניסטען ניט געזעהן, אונ ניט פאַר שטאַהנען! אַז הערצל שרייבט ניט אַוואָרט אַגוטען פאַר אידען, נור שלעכטעס, ער קען זיך ניט אויף האַלטען פון זיין גרויס שנאה וואָס ער האָט צו אידען, אונ זוכט נור אַז מען זאָהלל חס וחלילה גיסין אונזער אָרעמע בלוט, אונ ווער עס העלפט איהם דער צו, הין מיט געלדט, הין מיט געבין איהם עהרע, הין מיט לערנען אַבלאַט גמרא, איז ער אויך אַאַנטיסימיט אַאינקוויזיטאָר רחמנא לצלן! אונ פיל נאָך ערגער וויא דיא שפּאַניאָנער אינקוויזיטאָרען, דיא האָבען דאָך זייער אייגענע נאַציאָן ניט געטאָהן קיינע שלעכטעס, אונ דיא ציוניסטען, זיינען אינקוויזיטאָרען, אויף זייער אייגענע נאַציע, דער כּלל איז איהר זיים געוואָרען גרויסע אַנטיסימיטען, אונ איהר האָט זיך געקויפט אַגוטען נאָמען אויף אייביג...

אויף זייטע 33 פון דעם שאַנדע־ביכעל „מדינת היהודים“ שרייבט הערצל דיא ווערטער, „החברה תחליף בית בבית ואחוזה באחוזה, מקנין הקרקעות תבנים החברה כסף רב“. ד. ה. הערצל זאָגט אַז דיא חברה וועט אויס בייטען אהויז אויף אַהויז, אַגיט אויף אַגיט, פון דעם קויפען ערד וועט דיא חברה רייך ווערען, אונ וועט אָנקלייבען פיל געלדט. ליעבע לעזער! מען דאַרף פאַר־שטיין צו וואָס שרייבט דאָס הערצל? ער האָט דאָך שוין אויבען געשריבען

אַז דיא חֶבְרָה װעלֶען זַיין נוֹצְרִים (כְּרִיסְטֶען), אוּנ זַייא װעלֶען אַללֶעם צוּ־נֶעמֶען בַּייא אִידֶען אִין זַייעֶרֶע הֶענְד. פַאר שְׁטֶעהְט מֶען דָאךְ שׁוין אַז זַייא װעלֶען רַייךְ װערֶען; נוּר הֶערְצֶל קֶען דיא שִׂנְאָה פוּן אִידֶען אַמִינוּט אויךְ נִיט פַאר גֶעסִין, אוּנ יֶעדֶער מִינוּט אָנְרֵייצֶען דיא כְּרִיסְטֶען אוּנ נַייזֶען זַייא, אַז זַייא װעלֶען רַייךְ װערֶען, אַז מֶען װעט אִידֶען אַרוּיס־טְרַייבֶּען, דֶער כְּלַל אִיז עֶר שְׁטֶעכְט מִיט יֶעדֶער װָארְט. לִיעבֶּע צִיוֹנִיסְטֶען! אִיהְר קֶענְט זִיךְ רִימֶען אוּנ פְרֵייעֶן, אַייעֶר חֶבְרָה דיא כְּרִיסְטֶען זַיינֶען שׁוין רַייךְ פוּן אִידֶעשֶׁע בְּלוּט, אָבֶּער בַּייא אוּנְז אִידֶען, אִיז דָאם גָאר קַיין שִׂמְחָה נִיט. מִיר הָאבֶּען גֶעדַארְפְט גוּט קְלָאגֶען אוּנ װיינֶען, װָאס מֶען לַאכְט אַזוֹיא אָפּ פוּן אוּנְז, נוּר מִיר הָאבֶּען אוּנְזֶער הָאפוּנְג צוּ גָאט ב"ה נִיט פַאר־לָאהְרֶען, עֶר װעט אוּנְז אַרוּיס רַאטִירֶען פוּן דיא מֶארְדֶערְלִיכֶע הֶענְד, אוּנ מִיר װעלֶען אי"ה פוּן אַייךְ לַאבֶּען, אוּנ פוּן אַללֶע רַעְיוֹנוֹת פוּן הֶערְצֶל װעט אִיהְר אַלֵיין גִינִיסֶען, אִיהְר הָאט דָאס גָאר כָּשֵׁר פַאר־דִינְט, אִיהְר גְרָאבְּט אַגְרוּבּ פַאר אוּנְז פַאר יָאנְטֶע פַאר בִּיטֶערְטֶע אָרֶעמֶע אִידֶען, װעט אִיהְר חַס וְחָלִילָה אַלֵיין אַרַיין פַאהלֶען אִין דיא גְרוּבּ.

אויף זַייטֶע 34 זָאגְט הֶערְצֶל. „הַחוֹמֶר לְבִנְיַן הַבָּתִּים יִהְיֶה מוּכָן וּמְזוּמָן בִּידֵי נְבוֹנֵי דָבָר אֲשֶׁר בָּחֲרוּ אֶת הָאֲדָמָה לְמוֹשַׁב הֶעָרִים". ד. ה. הֶערְצֶל זָאגְט, אַז לֵיים װעט זַיין אָן־גֶעגְרֵייט פַארְטִיג בַּייא דיא פַאר־שְׁטַאנְדִיגֶע מֶענְטְשֶׁען, װָאס זַייא הָאבֶּען אָפּ גֶעקְלִיבֶּען דיא עֶרְד צוּ בַּאזֶעצִין שְׁטֶעדְט. צוּ װָאס דֶער צֵיילְט דָאס הֶערְצֶל? דָאס אִיז אויךְ גוּט אָפּ גֶעלַאכְט פוּן אִידֶען, אַז אִידֶען זָאהְלֶען אַװעקְ־נַוארְפֶען זַייעֶרֶע פַארְטִיגֶע הַייזֶער. זַייעֶרֶע גֶעשֶׁעפְטֶען פַאבְּרִיקֶען גִיטֶער, אוּנ זַייעֶר לֶעצְטֶע בִּיסִיל אָרֶעמְקֵייט. אוּנ גֵיין אָן־גְרֵייטֶען לֵיים, אַז אויף זַייא זָאהְל מֶען חַס וְחָלִילָה קֶענֶען זָאגֶען שׁוֹכְנֵי בָתֵּי חוֹמֶר, נוּר מֶען דַארְף פַאר שְׁטֶעהְן אַז דיא רְצִיחָה פוּן זַיין אַנְטִיסִימִיט־

קָאבְט אַזויא שְׁטַארְק אַז עֶר מוּז שִׁטִין זַאלְץ אוֹיף דִיא וואוּנְדֶען, אוּנ וַוייזֶען דִיא אַנְטִיסִימִיטֶען וִויא טְרַייא עֶר אִיז זֵייא אוּנ וִויא עֶר לַאבְט אָפּ פוּן אִידֶען, אוּנ אָן־טָאהְן פַארְגֶעניגֶען דִיא אַנְטִיסִימִיטֶען, אַז זֵייא וֶועלֶען אַזויא פִיהְל שְׁלֶעכְטֶעס טָאהְן אִידֶען, אוּנ עֶר זָאהְלל קֶענֶען זִיךְ רִימֶען פַאר זֵייא, אַז עֶר הָאט גֶיקֶענְט בְּרֵיינְגֶען דֶער צוּ אַז אִידֶען אַלֵיין זָאהְלְלֶען גֶעבִּין גֶעלְדְט צוּ דִיא גְרוֹיסֶע מֶארְדֶערַייא, אוּנ אַלֵיין פָאר אוּיס צָאהְלֶען שְׁחִיטָה גֶעלְדְט. ווִידֶער אוֹיף זֵייטֶע 34 זָאגְט הֶערְצל, אַז דִיא חֶבְרָה וֶועט קֶענֶען בּוֹיעֶן דִיא הַייזֶער בִּילִיג, ווַייל דִיא חֶבְרָה וֶועט אָן־קוֹיפֶען לֵיים אַגְרוֹיסֶע צָאהְל. פְרֶעהְט זִיךְ לִיעבֶּע צִיוֹנִים, אַייךְ קָאסְט שׁוֹין לֵיים בִּילִיג אוּנ אוֹיף דֶעם רֶעכֶענוּנְג, קֶענְט אִיהְר שׁוֹין אִיהְם אָפּ גֶעבֶּען דִיא אָרֶעמֶע צְדָקָה גֶעלְדְט. אוֹיף זְנוּת, אוּנ אוֹיף אַנְדֶערֶע פָאדְלָאסְטִין, אוֹיף צוּ דְרוּקֶען כְּפִירָה בִּיכְלַאךְ, אוּנ אוּמְגְלִיקְלַאךְ מַאכִין כְּלַל יִשְׂרָאֵל:

אוֹיף זֵייטֶע 34—35 זָאגְט הֶערְצל, „אֶת מִשְׁכְּנוֹת הַפּוֹעֲלִים תִּבְנֶה הַחֶבְרָה בִּמְחִיר מִצְעָר, לְפִי דַעְתִּי, לֹא רַק בִּהְיוֹת כָּל הַחֹמֶר הַדָּרוּשׁ לְבִנְיָן רַב הַכַּמּוּת, וְלֹא רַק בִּהְיוֹת הָאֲדָמָה קִנְיַן הַחֶבְרָה, אַךְ גַּם יַעַן אֲשֶׁר לֹא תֶּאֱלַץ לְשַׁלֵּם לְפּוֹעֲלִים שְׂכַר הָעֲבוֹדָה, וְכֵן הוּא דֶרֶךְ הָעוֹבְדִים בְּאַמֶעריִקַא לַעֲזוֹר אִישׁ אֶת אָחִיו בְּבִנְיַן בָּתֵּי מִשְׁכְּנוֹתֵיהֶם". ד. ה. הֶערְצל זָאגְט אַז דִיא הַייזֶער פַאר דִיא אַרְבֵּייטֶער וֶועט דִיא חֶבְרָה אוּיס בּוֹיעֶן בִּילִיג נָאךְ זֵיין דֵעָה נָאךְ, נִיט דֶער פַאר ווַייל דִיא חֶבְרָה וֶועט אָן קוֹיפֶען לֵיים בִּילִיג, אוּנ נִיט דֶער פַאר וָואס דִיא חֶבְרָה לַייט וֶועלֶען קוֹיפֶען דִיא עֶרְד. נוּר דֶער פַאר וָואס דִיא חֶבְרָה וֶועט נִיט דַארְפֶען צָאהְלֶען קֵיין אַרְבֶּעטְס גֶעלְדְט, וָוארוּם אִין אַמֶעריִקַא אִיז אוֹיךְ אַזויא אַיין־גִיפִיהְרְט אַז זֵייא הֶעלְפֶען זִיךְ אוֹיךְ דִיא אַרְבֵּייטֶער אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערִין בּוֹיעֶן אָן אַרְבֶּעט גֶעלְדְט. פְרֶעהְט זִיךְ צִיוֹנִיסְטֶען, הֶערְצל וֶועט אַייךְ שׁוֹין מַאכֶען פַאר מוּזְלַארֶעם. פַאר

סְטָאלְיַארֶעס, פַאר צֶעסְלֶיאַרֶעס פַאר צָארְנֶע רַאבָּאטְשֶׁעס, אַיךְ וֶועט שוין נִיט קָאסְטֶען קֵיין אַרְבֶּעט גֶעלְדְט, אִיהְר וֶועט זַיין רַאסְטַאנְסְקֶע רָאטֶע, עֶס אִיז אַ גְרויסֶער וואונְדֶער; הֶערְצל הָאט דָאךְ שוין לַאנְג גִיזָאגְט אַז אַלְלֶע וֶועלֶען דַארְפֶען אַרְבֵּייטִין 7 שָׁעָה אִין טָאג זַיינֶע אַרְבֶּעט אוּמְזוּנְסְט; וֵוייסֶען מִיר דָאךְ אַז קֵיין אַרְבֶּעט גֶעלְדְט וֶועט נִיט קָאסְטֶען. נוּר דָאס אִיז אויךְ נוּר אָפּ־גִילַאכְט נָאךְ אַבִּיסִיל פוּן אִידֶען; אוּנ גִימַאכְט דִיא אַנְטִיסִימִיטֶען נָאךְ אַבִּיסִ׳ל פַארְגֶעניגֶען:

אויף זַייטֶע 36 אִין זַיין גֶעפֶּעהְרְלִיכֶען בִּיכֶל זָאגְט הֶערְצל דִיא וֶוארְטֶער „הַזְמַן הַקָצוּב לַעֲבוֹדָה הוּא שֶׁבַע שָׁעוֹת לַיוֹם; זֹאת לֹא תֹאמַר כִּי רַק בְּשֶׁבַע שָׁעוֹת לַיוֹם תַּעֲשֶׂינָה כָּל הַמְלָאכוֹת הַנְחוּצוֹת, כְּמוֹ, הַפָּלַת הָעֵצִים, חֲפִירַת הָאֲדָמָה, וְהַסָעַת הָאֲבָנִים, זֹאת לֹא זֹאת, אַרְבַּע עֶשְׂרֵה שָׁעוֹת יַעַבְדוּ יוֹם יוֹם, אַךְ הָעוֹבְדִים יַעַמְדוּ לַעֲבוֹדָה כִּתּוֹת כִּתּוֹת, מֶשֶׁךְ שָׁלֹש שָׁעוֹת וְחָצִי, וּבְנוֹחַ הַכִּתָּה הָאַחַת תַּעֲבוֹד הַשֵּׁנִית, וְהַכֹּל יִהְיֶה בְּמִשְׁטָר וְסֵדֶר נָכוֹן כַּעֲבוֹדַת הַצָבָא", ד. ה. הֶערְצל זָאגְט, דִיא צַייט וָואס עֶס אִיז אָפּ גֶעשְׁטֶעלְט צוּא דֶער אַרְבֶּעט, אִיז 7 שָׁעָה אִין טָאג, זָאגְט הֶערְצל דָאס זָאלְסְטוּא נִיט זָאגֶען אַז נוּר 7 שָׁעָה אִין טָאג וֶועט מֶען אָפּ טְהוּן אַללֶע גֵייטִיגֶע אַרְבֶּעט, אַזוֹיא ווִיא וַוארְפֶען קְלֶעצֶער, גְרָאבֶּען עֶרְד, פִיהְרֶען שְׁטֵיינֶער, דָאס אִיז נִיט דָאס, דָאס זָאהלְסְטוּא נִיט זָאגֶען; 14 שָׁעָה אַלְלֶע טָאג וֶועט מֶען טְהוּן, נוּר דִיא אַרְבֵּייטֶער וֶועלֶען שְׁטֵיין צוּא דֶער אַרְבֶּעט, טְהֵיילֶען־וַויים, אֵיין פַּארְטֵייא וֶועט טְהוּן $3\frac{1}{2}$ שָׁעָה, אוּנ אַז דִיא פַּארְטֵייא וֶועט רוּהֶען, וֶועט דִיא אַנְדֶערֶע פַּארְטֵייא טְהוּן דְרַייא מִיט אַהַאלְבֶּע שָׁעָה, נָאךְ דֶעם וֶועט ווִידֶער טְהוּן דִי עֶרְשְׁטֶע פַּארְטֵייא נָאךְ אַמְאהְלל דְרַייא מִיט אַהַאלְבֶּע שָׁעָה. זָאגְט הֶערְצל אַז אַלְלֶעם וֶועט גֵיין מִיט

אַבַּארַאדֶעק, מִיט אַ אָרְדֶענוּנְג, מִיט אַגוּטֶען סֵדֶר, וְויא עֶס פִיהְרְט זִיךְ אִין דֶער אָרְדֶענוּנְג פוּן מִילִיטֶער (וְואִיסְק): לִיבֶּע לֶעזֶער! הֶערְצל זָאגְט אוֹיס דֶעם אֶמֶת, אַז עֶר וְויל פִיהֶרֶען אַלְלֶע אִידֶען, אִין „אַרֶעסְטַאנְטְסְקֶע רָאטֶע" אַשְׁוֶועֶרֶע; פְרֶעהְט זִיךְ צִיוֹנִים, אִיהְר זַייט שׁוֹין פַאר מִשְׁפָּט מֶעהְר נִיט וְויא „אַרֶעסְטַאנְטְסְקַאיַא רָאטֶע" נָאךְ אַייֶערֶע זִינְד נָאךְ וָואס אִיהְר הָאט גֶעמַאכְט אִידֶען לְלַעג וּלְקֶלֶס, צוּא שַׁאנְד אוּנ שְׁפָּאט, אוּנ וָואס אִיהר הָאט גִידְרוּקְט דִיא רְצִיחָה אוּנ כְּפִירָה בִּיכְלֶעךְ, אוּנ אִיהְר הָאט גִימַאכְט גְזֵירוֹת רָעוֹת אוֹיף אִידֶען ר"ל, הָאט אֵייךְ גֶעקוּמְט אַגְרֶעסֶערֶער פְּסַק; נוּר הֶערְצל מִיט דִיא רַע־בָּנִים צִיוֹנִים הָאבֶּען אוֹיף אַייךְ רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, וַוייל אִיהר הָאט אוֹיס־גֶענַארְט בַּייא אָרֶעמֶע אִידֶען זַייעֶר לֶעצְטֶע בִּיסֶעל אָרֶעמֶע צְדָקָה גֶעלְדְט, הָאט אִיהר דָאךְ אוֹיךְ גִיטָאהְן אַ גְרוֹיסֶע רְצִיחָה, לְעֵת עַתָּה הָאבֶּען זֵייא אַייךְ דֶער פַאר, פַאר גְרִינְגֶערְט אַייעֶר פְּסַק, אוּנ הָאבֶּען אַייךְ אָפְּגֶעמִשְׁפָּט נוּר אוֹיף „אַרֶעסְטַאנְטְסְקַאיַא רָאטֶע" אוּנ נָאךְ דֶעם וָואלְט עֶר זִיךְ שׁוֹין מִיט אַייךְ אָפּ רֶעכֶענֶען וְויא אִיהר זַייט וֶוערְט. הֶערְצל זָאגְט, אַז עֶס וֶועט אַלְלֶעם זַיין וְויא סָאלְדַאטִין אַרְבֶּעטִין, דָאס אִיז אוֹיךְ נוּר אַשְׁטָאךְ וָוארְט אִידֶען, אוּנ פֶערְגֶעניגֶען דִיא אַנְטִסִימִיטֶען:

הֶערְצל גִיט אַייךְ נָאךְ אַמַאנִיפֶעסְט עֶר זָאגְט אִין זַייטֶע 36 „אֶת עִתּוֹת הַמַּרְגֵּעָה יַקְדִּישׁ לִמְנוּחַת גֵּווֹ, לְמִשְׁפַּחְתּוֹ, לְהִשְׁתַּלְמוּתוֹ בְּאוּמְנוּתוֹ — יַחֲלִיף כֹּחַ וְשָׁב לַעֲבוֹדָתוֹ, עוֹבְדִים כְּאֵלֶּה יוּכְלוּ לִפְעוֹל גְּדוֹלוֹת וּנְצוּרוֹת", ד. ה. הֶערְצל זָאגְט, אִין דִיא צַייט וָואס מֶען וֶועט גֶעבֶּען אָפּ צוּא רוּעֶן, קֶען עֶר רוּהֶען זַיין גוּף, עֶר קֶען טְהוּן פַאר זַיין מִשְׁפָּחָה, עֶר קֶען זִיךְ דֶער לֶערְנֶען דִיא אַרְבֶּעט, עֶר וֶועט אִיבֶּער בַּייטֶען כֹּחַ קְרַאפְט, וֶועט עֶר וִוידֶער גֵיין צוּא דֶער אַרְבֵּייט, נָאךְ דִיא 7 שָׁעָה אַרְבֶּעט וֶועט אוֹיךְ זַיין עֶרְלוֹיבְּט צוּא רוּהֶען.

און טָאהְן פַאר זִיךְ, גוט לִיבֶּע צִיוֹנִים איהר זַייט גְלִיקְלִיךְ.....

אויף זַייטֶע 37 זָאגְט הֶערְצֶל" „אֶת הַנָּשִׁים לֹא יִתְּנוּ לַעֲבוֹד כָּל עֲבוֹדָה קָשָׁה וְלֹא תוּכַלְנָה לַעֲבוֹד יוֹתֵר מִן הַשָּׁעוֹת הַקְּבוּעוֹת" ד. ה. הֶערְצֶל זָאגְט, אַז דִיא וַוייבֶּער וֶועט מֶען נִיט גֶעבִּין שְׁוֶועהְרֶע אַרְבֶּעט, און זַייא וֶועלֶען נִיט דַארְפֶען טָאהְן מֶעהְר וִויא 7 שָׁעָה אִין טָאג. אויךְ גוט פְרֶעהְט זִיךְ צִיוֹנִיסְטְקֶעס איהר וֶועט נִיט טָאהְן קַאזַאנֶע אַרְבֶּעט מֶעהְר וִויא 7 שָׁעָה אִין טָאג. גוט אִיהר זַייט אויךְ גְלִיקְלִיךְ, אִיהר וֶועט אויךְ זַיין וִויא סָאלְדַאטֶען. אַלֶע מְלוּכוֹת רֶעגִירוּנְגֶען נֶעמֶען נִיט פוּן נְקֵבוֹת קֵיין סָאלְדַאטֶען, און אַייעֶר לִיבֶּער הֶערְצֶל וֶועט אַייךְ נְקֵבוֹת נֶעמֶען פַאר סָאלְדַאטֶען:

לִיבֶּע צִיוֹנִים! אִיהר מַאכְט גְלִיקְלֶעךְ אַייעֶרֶע צִיוֹנִיסְטְקֶעס, וָואס דַארְפִין זַייא זַיין קְרֶעמֶער־קֶעס, ווירְטִינְס פוּן הַייזֶער, פִּירֶערְקֶעס פוּן גִישֶׁעפְטֶען, שְׁטוּדִירֶען, און אַמָאהְלִל הָאבֶּען זָארְג? הָאט אִיהר בַּאזָארְגְט פַאר זַייא גָאר אַבֶּעסֶערִין פְּלַאן, זַייא זָאהְלֶען זַיין דִינְסְטִין בַּייא הֶערְצְלֶען און בַּייא זַיינֶע זונות, און בַּייא „נוּדְדוּא" מִיט זַיין „זוֹנָה", זַייא וֶועלֶען שׁוֹין קֵיין זָארְגֶען נִיט הָאבֶּען, דִיא זונות וֶועלֶען זַיין זַייעֶרֶע „קְנַיאגִינֶעס" און זַייא וֶועלֶען שׁוֹין פַאר זַייא אַלֶעס בַּאזָארְגֶען, זַייא וֶועלֶען זַייא אויךְ אוּיס־לֶערְנֶען „דֶרֶךְ אֶרֶץ", און מִיט אַ אֱמֶת הָאבֶּען דִיא צִיוֹנִיסְטְקֶעס גָאר עֶהְרְלִיךְ דָאס פַאר דִינְט, אַז „וַשְׁתִּי" הַמַּלְכָּה הָאט גִיאַרְבֶּעט שַׁבָּת מִיט אִידֶעשֶׁע קִינְדֶער, און דִיא אִידֶעשֶׁע קִינְדֶער הָאבֶּען נֶעבַּאךְ נִיט גִיוָואלְט מְחַלֵּל שַׁבָּת זַיין, און זַייא הָאבֶּען גֶעוֵויינְט און גֶעקְלָאגְט אויף דֶעם, הָאט דֶער אַייבֶּערְשְׁטֶער גִיטָאהְן אַנֵס און אַחַשְׁוֵרוֹשׁ הָאט וַשְׁתִּי גִיטֵייט, דִיא צִיוֹנִיסְטְקֶעס הָאבֶּען אָבֶּער צוּא פִּיל אָנְגֶעפַאנְגֶען מְחַלֵּל שַׁבָּת צוּא זַיין פוּן וואוּילְטָאג, וָואס קֵיינֶער הָאט זַייא גִיט גִינוּיט, קוּמְט זַייא אַז זַייא זָאהְלֶען וֶוערֶען

דִינְסְטִן בַּייא אַלֶעלְבֶע פַּארְדָארְבֶּענֶע עֶרְגֶער וְויא וַשְׁתִּי, פַאר
קויפְּט איהר זַייא אַלַיין בַּייא פָּארְלֶע נְקֵבוֹת, זַייא זָאהְלְלֶען זַיין
דִינְסְטִין בַּייא זַייא, אונ זַייא וֶועלֶען אַרְבֶּעטִין מִיט זַייא אום שַׁבָּת;
איהר לִיבֶּע צִיוֹנִים! אִיהר טוּט גוּט, אִיהר טוּט וְויא מֶען דַארְף
„מִדָה כְּנֶגֶד מִדָה":

אויף זַייטֶע 37 זָאגְט הֶערְצל; „הַנָּשִׁים הֶהָרוֹת חָפְשִׁיּוֹת הֵנָּה מִכָּל עֲבוֹדָה, וּמִקּוּפַּת הַקָּהָל יְכַלְכְּלוּ אוֹתָן בְּעַיִן יָפָה, כְּדֵי שֶׁתֵּלַדְנָה יְלָדִים בְּרִיאִים וּשְׁלֵמִים הַדְּרוּשִׁים לָנוּ בְּדוֹר יָבֹא". לִיבֶּע צִיוֹנִיסְטֶען; איהר זַייט גָאר גְלִיקְלִיךְ, הֶערְצל זָאגְט אַז נָשִׁים מְעוּבֶּרֶת וֶועלֶען זַיין פְרַייא פוּן אַרְבֶּעט אונ עֶסֶען וֶועט עֶר זַייא גֶעבֶּען פוּן קוּפַּת הַקָּהָל מִיט אַגוּטֶע אויג, כְּדֵי זַייא זָאהללֶען הָאבֶּען גֶעזוּנְדֶע קִינְדֶער וָואס מֶען דַארְף זַייא הָאבֶּען אִין דֶעם קִינְפְטִיגֶען דור, פַאר דֶעם גוּטֶען מַאנִיפֶעסְט אִיז אויךְ כְּדַאי צוּא בֶּערַאבֶּעוֶען אִידֶען אונ אִיהם אַוֶועק גֶעבֶּען זַייעֶר לֶעצְטֶע בִּיסִיל בְּלוּט, זָאהלל מֶען דָאס זוֹכֶה זַיין צוּא זֶעהְן וְויא דיא וַוייבֶּער פוּן דיא רַבָּנִים צִיוֹנִים וֶועלֶען עֶסִין פוּן קַאזָאנֶעם קֶעסֶעל. אונ וֶועלֶען זַיין דִינְסְטִין בַּאי „נוֹרְדוֹס" פְּרוֹיא, אָה! וְויא גְלִיקְלִיךְ אִיהר זַייט צִיוֹנִיסְטֶען; אִיהר וֶועט בֶּעפְרַייט וֶוערֶען פוּן צוּא גֶעבֶּען מְזוֹנוֹת אַייעֶרֶע וַוייבֶּער. אונ נָאךְ אִין אַ אָרְט אויף זַייטֶע 45 זָאגְט הֶערְצֶל אַז קְלַיידֶער וֶועט עֶר אויךְ מַאכֶען אַלְלֶעמֶען אֵיין זָארְט; זַייט אִיהר שׁוֹין פוּן קְלַיידֶער אויךְ בֶּעפְרַייט, זַייט אִיהר שׁוֹין בֶּעפְרַייט פוּן „שְׁאֵרָהּ וּכְסוּתָהּ", בְּלַייבְּט מֶער נִיט נָאר אֵיין זַאךְ אַדְרִיטֶע, דָאס וֶועט אִיהר בֶּעטִין בַּייא דיא רַע־בָּנִים (רַבָּנִים) צִיוֹנִים וֶועלִין זַייא אֵייךְ בֶּעפְרַייעֶן פוּן דיא דְרִיטֶע זַאךְ אויךְ: דֶער כְּלָל אִיז אַגְלִיק אִיז אַייךְ גִישֶׁעהן, מֶען קֶען אֲפִילוּ צוּא אַייךְ נִיט הָאבֶּען, איהר מַאכְט טַאקֶע אויף דֶעם, גְרוֹיסֶע שִׂמְחוֹת פַאר אִידֶעיִשֶׁע

אַרֶעמֶע גֶעלְדט, סַאבְּרַאנְיֶעס הוּלַאנְיֶעס: דֶער כְּלַל אִיז הֶערְצל הָאט אַייךְ גְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט:

ווִידֶער זָאגְט הֶערְצל אוֹיף זַייטֶע 37 דִיא וֶוארְטֶער „חִנּוּךְ הַבָּנִים מִשְׁחָר טַל יַלְדוּתָם יִהְיֶה בְּיָדֵינוּ וְהִטִּינוּ אוֹתוֹ לְחֶפְצֵנוּ", ד. ה. הֶערְצל זָאגְט אַז הָארֶעוֶוען אוּנ לֶערְנֶען קִינְדֶער פוּן זַייעֶר יוּגֶענְד, וֶועט אוֹיךְ זַיין אִין זַיין הַאנְד, פוּן זַייעֶר יוּגֶענְד אָן, אוּנ עֶר וֶועט זַייא קֶערִין צוּא זַיין ווִילֶען. לִיבֶּע לֶעזֶער! קֶענְט אִיהר נִיט בַּארֶעכֶענֶען וָואס וֶועט הֶערְצל זַייא לֶערְנֶען? צוּא פַאר טֶענְצֶער אִין „טְהֶעאַטֶער" צוּא פַאר וֶועלְט לִיגְנֶער? צוּא פַאר אַנְטִיסִימִיטֶען? צוּא פַאר חֶמֶעלְנִיצְקֶעס? עֶר מֵיינְט בְּוַדַּאי אַז עֶר וֶועט זַייא אוֹיס לֶערְנֶען אַלֶע זַיינֶע פַארְדָארְבֶּענֶע זַאכֶען, ווִיא עֶר לֶעבְּט ווִיא אַדְזִיקָא, חַיָּה רָעָה; אִיהר זַייט ווִידֶער גְלִיקְלֶעךְ הֶערְצֶעל וֶועט שׁוֹין לֶערְנֶען אַייעֶרֶע קִינְדֶער אוֹיף זַיין אוֹפֶן, אַייעֶרֶע קִינְדֶער וֶועלֶען שׁוֹין אוֹיךְ לֶעבֶּען ווִי חַיּוֹת רָעוֹת, עֶר בַּאזָארְגְט גוּט אַייעֶרֶע קִינְדֶער, אוּנ דָאס אִיז אוֹיךְ מִדָּה כְּנֶגֶד מִדָּה:

אוֹיף זַייטֶע 38 שְׁרַייבְּט הֶערְצל דִיא וֶוארְטֶער. „וּמָה הָעֲבוֹדָה הַזֹּאת וְעַל אֵיזֶה יְסוֹד הָטְבְּעָה? יְסוֹדָתָהּ בְּהַסְפָּקַת עֲבוֹדָה קַלָּה שֶׁאֵינָהּ צְרִיכָה לִמּוּד לַאֲנָשִׁים אֲשֶׁר לֹא חָנְכוּ מִימֵיהֶם לְשׁוּם עֲבוֹדָה, כְּמוֹ, הֲכָנַת גְּזָרֵי עֵצִים קְטַנִּים לְהַדְלָקָה אֲשֶׁר יִשְׁתַּמְּשׁוּ בָהֶם בְּבָתִּים רַבִּים בְּפַּארִיז, הָעֲבוֹדָה הַזֹּאת הִיא מֵעֵין אוֹתָן הָעֲבוֹדוֹת אֲשֶׁר יַעֲבִידוּ בָּהֶן אֶת הָאֲסוּרִים בְּבָתֵּי הַכֶּלֶא, אַךְ בְּטֶרֶם שָׁלְחוּ שָׁמָּה בְּעַד פִּשְׁעָם, עֲבוֹדָה אֲשֶׁר לֹא תְחַלֵּל אֶת כְּבוֹדָם", ד. ה. הֶערְצֶעל זָאגְט, אוּנ וָואס וֶועט זַיין דִיא אַרְבֶּעט וֶועלְכֶע מֶען וֶועט אוּנְז יוּדֶען גֶעבֶּען טְהוּן, אִין אוֹיף וֶועלְכֶען פוּנְדַאמֶענְט אִיז זִיא גֶעגְרִינְדֶעט? זָאגְט הֶערְצֶל; אִיר פוּנְדַאמֶענְט אִיז צוּא טְהוּן אַגְרִינְגֶע אַרְבֶּעט וָואס מֶען דַארְף זַייא נִיט לֶערְנֶען דִיא מֶענְטְשִׁין וָואס זֶענֶען נִיט גֶעווֹאהְנְט, צוּא קַיין אַרְבֶּעט, אַזוֹיא

וויא שפאלטען קינעלאך אנצו־צינדען וואס מען ניצט דאס אין פאריז אין פיל הייזער , דיא ארבעט איז אזויא וויא דיא ארבעט וואס מען טהוט אין פאריז אין טורמע מיט דיא ארעסטאנטין , איידער זייא ווערין פארשיקט פאר זייער זינד , דאס איז אזא ארבעט וואס ווערט זייא ניט פאר שוועכין זייער כבוד (עהרע) :

ליבע לעזער ! זעהט איהר וועלכע ארבעט הערצל פאר זארגט פאר אידען , עס איז כדאי גיבער אוועק צוא ווארפין אללע געשעפטע אללע הייזער , אונ לויפען טהון דיא ארבעט וואס דיא ארעסטאנטין טהוען אין דיא טורמעס אין פאריז . היינט זעהט איהר ליבע ציונים ; וויא הערצל האלט פון אייך , וואס פאר עהרע ער גיט אייך , אז ער זאגט אז איהר ווערט טאהן דיא ארבעט וואס כיען טהוט אין דיא טורמעס אין פאריז , דאס ווערט אייך ניט פאר שוועכין אייער כבוד , אייער עהרע , דאס הייסט נאך הערצלס מיינונג נאך איז דאס נאך פאר אייך אויך אגרויסע עהרע , אז מען ווערט אייך געבען ארבעט פון ארעסטאנטין פון טורמע , דאס איז אויך גוט אפגעלאכט פון אידען , מיט רציחה , פילייכט פארכט איהר זיך אז אידען וועלען שוואך טהון ; דאס זאהלל אייך אויך ניט קומערין . הערצל האט דאס שוין אויך באזארגט ; ער זאגט אויף זייטע 66 פון זיין פארדארבענעם ביכעל מדינת היהודים , דיא ווארטער , „ורשות נתונה למנהיג המדינה , כי תושע לו ידו בשעת הסכנה , בעת שהבעלים מתרשלים או לרגלי איזה מעצורים רפו ידיהם מעשות תושיה". ד. ה. הערצל זאגט אז עס איז געגעבען גיווארען דער רשות דער ווילען דעם פיהרער (דאס מיינט ער אויף זיך) אז עס זאהלל איהם העלפין זיין האנד זיין קראפט בעת אגעפערליכע צייט , בעת אין דער צייט ווען דיא בעלי בתים וועלען זיין שוואך אין דער ארבעט אדער ווענען אז עס ווערט זיין

אַ אויף האַלטונג אין דער אַרבּעט, אַז עס וועט שוואַך ווערען זייערע הענד, וועט הערצלען זיין ערלויבּט צוא שלאַגין צוא שמייסין (ריכטיג, וויא מען פּלעגט זיך באַגיין פאר צייטין מיט דיא שקלאַווין (מיט דיא בּויערין):

אויף זייטע 36 זאָגט הערצל דיא ווארטער! ויד החברה תמשול גם בשותי שכר ונלוי דרך. ד. ה. אַז די האַנד פון די חברה וועט גיוועלטיגען אויך אויף דיא וואס טרינקען ביר אָדער זייא גייען אַוועק אין אַפּאַרקרימטען וועג. אונ אַז דיא חברה וועלען זיין קריסטין האָבּין מיר שוין גיווייזין, דער כּלל איז דיא ציוניסטען זייגען גליקלעך. עס זייגען אַמאהלל גיזעסין איינינע מענשין אונ האבען געקלערט וואס איז אַ גוטע זאַך אויף דער וועלט, האט איינער געזאָגט אַגוטע זאַך איז אַ הויז, איינער האט גיזאָגט אַז אַגוטע זאַך איז גרונט, איינער האָט גיזאָגט, אַז אַגוטע זאַך איז אַ גוטעס גישעפט, האט זיך איינער אָפּגירופין, נאַרין טפּשים, איהר ווייסט גאר ניט וואס אַגוטע זאַך איז, אַגוטע זאַך איז אַז מען שמייסט און מען הערט אויף צו שמייסין, דאס איז אַגרויסער תענוג. אַז דער גרעסטער פאַרגעניגען איז אַז מען הערט אויף צוא שמייסין, דעם פערגעניגען ווינשען זיך דיא ציוניסטען, אַז זייא זאללען דער לעבען, הערצל זאל שמייסין, אונ אַז ער וועט אויף הערען וועלען זייא האבין דעם גרויסען פערגעניגען:

ליעבע לעזער! מיר וואלטין זיך אפילו ניט שטאַרק דארפין שרעקין פאר זיינע פוסטע רייד וואס ער זאָגט אַז מיר וועלען דאַרפין טהון יעדער טאג קאזאַנע אַרבעט 7 שעה אין טאג, עס איז שקלאַווערייא אויס גענאַנגען. אָבער היילינע אידען! מיר דאַרפין זיך שרעקין פאר דיא היילינע רייד פון אונזערע חכמים וואס זייא האבין געזאגט אין (אבות פרק ג׳ ו׳) „וכל הפורק ממנו עול תורה,

נותְנִים עָלָיו עול מַלְכות וְעול דֶרֶךְ אֶרֶץ״, ד. ה. אונזֶערֶע חֲכָמִים הָאבּין גֶעזָאגְט, וֶוער עֶס וַוארְפְט אַרָאפּ פון זיך דֶעם עול הַתּורָה, וַוארְפְט מֶען אויף איהם אַרויף דֶעם עול מַלְכות אונ דֶעם עול דֶרֶךְ אֶרֶץ, פַאר דֶעם מַאֲמַר דַארְפִין מִיר זיך שְׁרֶעקִין, דיא ציונִיסְטֶען הָאבֶּען אִין גַאנְצִין אַרָאפּ גֶעוָוארְפֶען פון זיך דֶעם עול הַתּורָה, דֶעם עול פון אונזֶער הֵיילִיגֶע אֱמונָה, דַארְפִין מִיר זיך שְׁרֶעקִין אַז הֶערְצל זָאהלל זַייא נִיט פַאר פִירֶען אִין „רַאסְטַאנְטְסְקֶע רָאטֶע״ וְויא עֶר שְׁרַייבְּט אַז עֶר וִויל דָאס מַאכֶען וְויא עֶר הָאט דָאס אויף קְלָאהר אוים גֶעשְׁרִיבֶּען. לִיעבֶּע לֶעזֶער! צו דֶען פַארְשְׁטֶעהְט נִיט הֶערְצל אַז אִידֶען וֶועלֶען זיך נִיט לָאזֶען מַאכֶען פַאר „שְׁקְלַאוִוין״? וָוארום זָאגְט עֶר אונ שְׁרַייבְּט אַזֶעלְכֶע פַארְדָארְבֶּענֶע רֵייד? אונ בִּפְרַט נָאךְ בְּעֵת עֶר צָאפְּט אוים בַּייא זַייא זַייעֶר לֶעצְטֶע בִּיסֶיל אֶרֶעמְקֵייט, אונ בְּעֵת עֶר וִויל וֶוערֶען זַייעֶר „קְנִיַאז״. נור דִיא שִׂנְאָה אונ רְצִיחָה קָאכְט אִין אִיהם אַזוֹי שְׁטַארְק אַז עֶר לַאכְט אָפּ פון אונְז, אונ רֵייצְט אָן פון אַנְדֶערֶע פֶאלְקֶער אַנְטִיסִמִיטֶען, אַז זַייא זָאהלְלֶען אונְז מַאכֶען פַאר שְׁקְלַאוִוין:

אויף זַייטֶע 49—50 זָאגְט הֶערְצל דִי וֶוארְטֶער! „בְּתוךְ אוצְרותֵיהֶם שֶׁל הַיְהודִים טְמונִים עוד כֹּחות מְדִינִיִּים רַבִּים וְנִפְלָאִים, שֶׁעַד הַיּום לֹא הִשְׁתַּמְּשׁו בָּהֶם כָּל צָרְכָּם, עַל פְּעולות הָאוצְרות הָאֵלֶּה יִצְעֲקו צורְרֵינו חָמָס כָּל הַיּום, כִּי בְּכֹחָם לַעֲשׂות נִפְלָאות, אַךְ בֶּאֱמֶת אֵינָם עושִׂים מְאוּמָה, הַיְהודִים הָעֲנִיִּים מַרְגִישִׁים רַק אֶת הַשִּׂנְאָה וְהַמַּשְׂטֵמָה אֲשֶׁר יָעורְרו הָאוצְרות הָאֵלֶּה. הַתּועֶלֶת אֲשֶׁר בְּיָדָם לְהָבִיא לָהֶם, לְהָקֵל אֶת מַכְאובָם. הַתּועֶלֶת הַהִיא רְחוקָה מֵהֶם, מְזִמַּת בַּעֲלֵי הָאוצָרות הַגְּדולִים וִיכָלְתָּם הַמְּדִינִית רְאוּיָה שֶׁתָּבִיא תּועֶלֶת לְהָרַעְיון הַלְּאוּמִי, אוּלָם אִם יִמָּצְאו הָאֲדונִים הָאֵלֶּה הַשְּׂמֵחִים בְּחֶלְקָם לְנָכון לִפְנֵיהֶם, לִבְלִי דְאוג לַאֲחֵיהֶם הַנִּרְדָּפִים וְהַנֶּאֱנָקִים עַל עָשְׁרָם שֶׁל אֵיזֶה יְחִידִים, אָז בּוא תָבוא עֵת צֵאת הַצָּעָתֵנו לִפְעוּלָּה, וְלִמְדָה אותָנו לְהַבְדִּיל

בין אלה ובין בני העם כלו", ד. ה. הערצל זאגט, אין דיא אוצרות פון אידען, איז באהאלטען גרויסע מדינה קראפט, פיל, אונ וואונדערליכע, וואס ביז היינט האט מען מיט זייא ניט באנוצט זייער קראפט וויא פיל מען האט באדארפט, (דאס זאגט ער איבער דיא רייד פון דיא אנטיסעמיטען, אז ביי אידען איז באהאלטען פיל געלדט, ער זאגט אז דערויף שרייען אונזערע בעלידיגער, (דאס איז דיא אנטיסעמיטען שרייען) אז מיט דיא אוצרות וואס ביי אידען איז דא, קען מען אויף טהון וואונדערליכע זאכין. אבער באמת טהוען זייא גאר ניט (דאס איז הערצל מודה אז דיא רייד פון דיא אנטיסעמיטען איז אמת). זאגט הערצל ווייטער, אז דיא ארעמע אידען פילען נור דיא פיינדשאפט, וואס דיא אוצרות דער וועקען, אבער דיא הילפע וואס אין זייער האנד איז צו בריינגען, זייא זאהלען פאר גרינגערין זייער וועהטאג, דיא הילף איז ווייט פון זייא. מיט דיא רייד מאכט אן הערצל אשנאה צווישען אידען ארעמע מיט רייכע, אונ וויל אידען מאכין פאר אנארכיסטען, מען זאהלל איינע דיא אנדערע ראבירען, מען קען ניט זאגען, ליעבע ציוניסטען, דיא געדאנקען זיינע איז גוט פארדארבען. הערצל זאגט ווייטער, דיא מחשבות (געדאנקען) פון דיא גרויסע בעלי דאוצרות, אין ד א מדינה קראפט פון זייא, איז רעכט געוועזען אז זייא זאהלען בריינגען הילפע צוא דיא געדאנקען פון דאס פאלק. דאס הייסט ער זאגט, אז דיא רייכע דארפין אוועק געבען זייערע געלדט, פאר דיא מדינה, דאס מיינט ער אויף זיינע פוסטע רעיונות (געדאנקען). זאגט הערצל אבער אויב דיא דאזיגע הערין וואס פרייען זיך מיט זייער חלק, וועלען גיפינען ביי זיך רעכט אז זייא זאהלען ניט זארגען פאר זייערע ברידער, וואס זייא וועדען גזאגט, איבער דיא רייכקייט פון איינגע מענטשין, איז באמאלקט

אַז עֶס וֶועט קוּמֶען אַז עֶס וֶועט אַרוּים קוּמֶען אוּנְזֶער פָאר־שְׁלַאג צוּא עֶנְדֶע, דָאס אִיז אַז הֶערְצל וֶועט קוֹיפֶען אַשְׁטִיקִיל עֶרְד, אוּנ וֶועט וֶוערִין אַקְנָיַאז; דַאן זָאגְט הֶערְצל וֶועלֶען מִיר וִויסֶען צוּא אוּנְטֶער שֵׁיידִין, צְוִוישֶׁען דִיא, דָאס אִיז צְוִוישֶׁען דִיא רַייכֶע, אוּנ צְוִוישֶׁען דִיא גַאנְצֶע פָאלְק. דָאס אִיז הֶערְצל סְטְרַאשֶׁעט דִיא רַייכֶע מֶענְטְשִׁין, אַז עֶר וֶועט זִיךְ מִיט זֵייא אָפּ רֶעכֶענֶען, דִיא רַייכֶע הָאבֶּען גֶעדַארְפְט וָואס גִיכֶער אַוֶועק־גֶעבֶּען זֵייעֶרֶע גֶעלְדט, אוֹיף זַיינֶע אַנְטִיסִימִיטִישֶׁע מָארְדֶערְלִיכֶע רַעְיוֹנוֹת, וָואס עֶר וִויל מַאכֶען אַללֶע אִידֶען מִיט זֵייעֶרֶע פְרוֹיעֶן, אוּנ אוּמְשׁוּלְדִיגֶע קִינְדֶער, פַאר שְׁקְלַאוִין; עֶר זָאהלל זַיין זֵייעֶר קְנְיַאז, אוּנ דִיא רַייכֶע ווִילֶען נִיט אַוֶועק גֶעבֶּען זֵייעֶר גֶעלְדט, זַיינֶען זֵייא נָאךְ זַיין מֵיינוּנְג נָאךְ וֶוערְט אַז מֶען זָאהלל בַּייא זֵייא אַללֶעס אַוֶועק־נֶעהמֶען, נוּר הֶערְצל בַּאנוּגִינְט זִיךְ מִיט דִיא פַאר דָארְבֶּענֶע רֵייד אוֹיךְ נִיט, עֶס שְׁטִילְט אִין אִיהם נָאךְ נִיט זַיין שִׂנְאָה צוּ אִידֶען.

עֶר זָאגְט וַוייטֶער אוֹיף זַייטֶע 50 „וּבְכָל זאת אוּלַי לֹא יִמְצָא הַדָּבָר חֵן בְּעֵינֵי נְטִילֵי כֶּסֶף, יוּכַל הֱיוֹת כִּי עוֹד יִתְאַמְּצוּ בְּעֶזְרַת מַלְאֲכֵיהֶם וּמְשָׁרְתֵיהֶם עוֹשֵׂי רְצוֹנָם לְהָפֵר עֲצָתֵנוּ בִּדְבַר יְצִיאַת הַיְהוּדִים וּלְהִלָּחֵם נֶגְדָּהּ, אַךְ לְמִלְחָמָה כָּזֹאת נַקְדִּישׁ כֹּחֵנוּ לְהִלָּחֵם בָּהֶם, כִּבְכָל הָעוֹמְדִים לְשָׂטָן בְּדַרְכֵּנוּ, מִלְחָמָה עַזָּה וּכְבֵדָה", ד. ה. הֶערְצל זָאגְט, אוֹיף אַללֶע פֶּעהל, פִילֵייכְט וֶועט נִיט גִיפֶעלֶען דִיא רַייכֶע מֶענְטְשֶׁען דֶער פְּלַאן, אוּנ עֶס קֶען זַיין אַז זֵייא וֶועלִין זִיךְ שְׁטַארְקֶען מִיט דִיא הִילְפֶע פוּן זֵייעֶרֶע שְׁלוּחִים, אוּנ פְּרִיקַאשְׁצִיקֶעס, דִיא וָואס טְהוּעֶן זֵייעֶר ווִילֶען, צוּ פַארְשְׁטֶערִין אוּנְזֶער עֵצָה וֶועגֶען אַרוּים גֵיין יוּדֶען, אוּנ זֵייא וֶועלֶען נָאךְ מִלְחָמָה הַאלְטֶען גֶעגֶען דֶעם פְּלַאן, זָאגְט הֶערְצל, צוּ אַזַא מִלְחָמָה, צוּ אַזַא שְׁטְרַייט, וֶועלֶען מִיר אָפְּשֵׁיידֶען אוּנְזֶערֶע כֹּחוֹת צוּ הַאלְטֶען מִלְחָמָה מִיט זֵייא, אוּנ

מִיט גֶלְד וָואס שְׁטֵייעֶן אוּנְז אַנְטְקֶעגֶען אַשְׁטַארְקֶע מִלְחָמָה, אוּנ אַשְׁוֶוערֶע. לִיעבֶּע לֶעזֶער! קֶענְט אִיהר מִיר נִיט גֶעבֶּען צוּ פַאר־שְׁטֶעהְן, מִיט וֶועלְכֶע קְרֶעפְטֶען, וֶועט דָאס הֶערְצל מִלְחָמָה הַאלְטֶען מִיט דִיא רֵייכֶע, אַז זֵייא זָאהלֶען אִיהם מוּזֶען אַוֶועק־גֶעבֶּען זֵייעֶר גֶעלְדְט? אוּנ מִיט אַללֶע וָואס וֶועלֶען נִיט אַיין שְׁטִימֶען אַרוּים צוּ גֵיין! וֶוער וֶועט צוּא אַזֶעלְכֶע אַנְטִיסִימִיטֶעשֶׁע אִינְקְווִיזִיטָארְקֶע מֶארְדֶערְלִיכֶע זַאכִין אַיין שְׁטִימֶען? אוּנ צוּ וָואס שְׁרַייבְּט דָאס הֶערְצל? וֶועלְכֶע גוּטֶעס קֶען בְּרֵיינְגֶען אַזֶעלְכֶע פַארְדָארְבֶּענֶע מֶארְדֶערְלִיכֶע רֵייד? לַאכְט עֶר דֶען נִיט אָפּ פוּן אִידֶען? הָאפְּט עֶר דֶען נִיט אַז דִיא אַנְטִיסִימִיטֶען זָאהלֶען אִיהם הֶעלְפֶען רַאבִּירֶען אִידֶען, אוּנ גִיסֶען אִידֶעשֶׁע אָרֶעמֶע בְּלוּט? צוּ זֶעהְט מֶען נִיט פוּן זַיינֶע רֵייד אַז עֶר אִיז אַ אַנְטִיסִימִיט. אַז עֶר אִיז אָן גֶעשִׁיקְט אַחְמֶעלְנִיצְקֶע רַחֲמָנָא לִצְלָן אוֹיף אִידֶען? זֶעהְט מֶען דֶען נִיט, אַז עֶר זוּכְט נוּר צוּ מַאכֶען רַחֲמָנָא לִצְלָן אַכְּלָיָה פוּן אִידֶען? זֶעהְט מֶען דֶען נִיט אַז זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען אִיז וִויא פוּן דְזִיקָא חַיוֹת?

לִיבֶּע צִיוֹנִיסְטֶען עֶהְרְלִיכֶע! וִויא שֶׁעמְט אִיהר זִיךְ נִיט צוּא צוּשְׁטֵיין, צוּא דְזִיקָא חַיוֹת, וָואס זוּכִין נוּר אוּנְזֶער אָרֶעמֶע בְּלוּט צוּא פַאר גִיסֶען? רֶעכִינְט אִיהר דֶען אוֹיךְ צוּא גִיסֶען אִידֶעשֶׁע בְּלוּט? וִויא שֶׁעמְט אִיהר זִיךְ נִיט צוּא נֶעמֶען בַּייא דִיא רֵייכֶע אִידֶען גֶעלְדְט, אוּנ גֶעבֶּען קְרַאפְּט הֶערְצְלֶען, אַז עֶר מִיט זַיינֶע אַנְטִיסִימִיטֶען זָאהלְלֶען קֶענֶען זֵייעֶר בְּלוּט גִיסֶען? וִויא שֶׁעמְט אִיהר זִיךְ נִיט אַוֶועק צוּא־נֶעמֶען צְדָקָה גֶעלְדְט, פוּן דִיא אִידֶען פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, וָואס זֵייא לֶעבִּין נוּר פוּן דִיא שְׁטִיקֶעל פַארְשֶׁעמְטֶע אָרֶעמֶע בְּרוֹיט, אוּנ דָאס אַוֶועק גֶעבֶּען דִיא אַנְטִיסִימִיטֶען אִין דִיא הֶענְדְט? וִויא שֶׁעמְט אִיהר זִיךְ נִיט אָן צוּא־רוּפִין זִיךְ צִיוֹנִיסְטֶען? וִויא לָאזְט אִיהר צוּא רַבָּנִים צִיוֹנִים, זֵייא זָאהלֶען

זיך אן רופען רבנים? זייא זיינען דאך אויך דווקא חיות; אז זייא קענען פאר טראגען אזעלכע מארדערליכע רייד, זיינען זייא דאך אויך מארדער, אז איהר קוקט אויף דאס אללעס ניט; דארף מען דאך אייך בינדען וויא אללע משוגעים. אונ אן טהון אייך דיא משוגענע העמד, אונ אייך דאקטירען, אז ניט וועט איהר דאך אויך גיסען רחמנא לצלן אידעשע ארעמע בלוט, וויא הערצל מיט חמעלניצקען; אונ אייער נאמען וועט בלייבען אויף אייביגע שאנדע. אה! הייליגער גאטט! ראטיר אונז פון דיא מארדערליכע האנד! עפפען דיא אויגען פון דיא אומשולדיגע אידען אז זייא זאהללען זעהן אונ פארשטעהן, אז מען פיהרט אונזער ארעמע נאציע לשחיטה ר"ל, עפפען דיא אויגען פון דיא רייכע מענטשין אז זייא זאהללען פארשטעהן אז דיא אן פיהרער פון דיא ציוניסטען אונ דיא רבנים ציונים שטעכט שטארק זייער געלדט; אונ זייא זאהללען זעהן זיך צוא היטען פון דיא מערדער, אונ זאהללען זייא ניט געבען קיין געלדט, אויף מארדערליכע געדאנקען. וואס מען ווארט נור זייער בלוט צוא גיסען אומזונסט, אונ זייא זאהללען זעהן אז בייא אידען זאהל אזעלכע פארדארבענע רייד ניט געהערט ווערען, אונ אידען זאהללען אזעלכע בזיונות (שאנדע) ניט ליידען:

אויף זייטע 55 זאגט הערצל דיא ווערטער; „את בתי הצדקה פה לא יסכון, לפי דעתי, למכור בכסף, רק לתתם כמתנת חנם לתועלת הנוצרים העניים בערים הנעזבות, וכאשר יתנחלו המטות בארץ החדשה את אחוזתיהם, ינתן להם ממגרשי העיר חנם אין כסף מקום לבנות את בתי צדקותיהם, והקלו מעליהם גם את הוצאות הבנין... ד. ה. הערצל זאגט דיא הייזער פון צדקה, אין דיא שטאדט וואס מיר וועלן ארויס וואנדערן, אין

ביט רעכט נאך זיין דעה נאך צוא פאר קויפין פאר געלדט, נור זייא צוא לאזען, אמתנה, אוועק־שיינקען אומזאנסט, צו דיא הילפע פון דיא ארעמע כריסטען, אין דיא פארלאזענע שטאדט, אונ דער פאר אז מיר וועלען ארבעין גיטער אין דיא נייע לאנד, וועט מען זייא געבען אנארט אומזונסט צוא בויען זייערע צדקה הייזער. הערצל גיט נאך אמאניפעסט, אז מען וועט נאך זייא פאר גרינגערין דיא הוצאות פון בויען; אונטער דעם נאמען צדקה הייזער, איז „שפיטעלער" „באאדעלנעס" „הכנסת אורחים הייזער" „קלויזען" „בתי מדרשים" „שוהלען" אללע איינטראג הייזער וואס גיהערט אויף צדקה, קומט אוים הערצלס יושר, אין זיין גוט הארץ איז אז מיר זאהללען דאס אוועק געבין, דיא ארעמע כריסטען אומזאנסט:

ליבע לעזער; צוא פאר שטעהט דען הערצל ניט? אז א איד וואס האט נור אין זיך עטוואס סאוועסט, יושר, וועט דערויף אין קיין פאהלל ניט איינשטימען, וויא קענען מיר אוועק געבין צדקה הייזער וואס אונזערע עלטערין האבען דאס גישיינקט פאר אידעשע היילינקייט, פאר אידעשע ארעמע קראנקע, אונ בפרט נאך אז מיר האבען ניט קיין לאנד, אונ מיר האבען ניט קיין געלדט, דיא ארעמע קראנקע איבער צוא פיהרען, אונ מיר האבען ניט קיין געלדט מיט וואס אוים צוא־בויען אנדערע. אונ ארענטליכע כריסטען וועלען אויך ניט איין שטימען, דאס צוא צוא נעמען אומזאנסט, אונ זייערע גייסטליכע וועלין גיוויס זאגען, אז דאס איז קיין פלאן ניט, אונ הערצל אליין פאר שטעהט אויך אז דאס קען ניט זיין, נור ער וויל מיט דיא ווארטער אין בייצען כריסטען שלעכטע פאגראמשציקעס אז מען זאהלל בייא אידען דאס אללעס אוועק־נעמען, מיר אידען דארפען בעטען

בַּייא גָאמְט ב"ה אַז דִיא אַנְפִיהְרֶער פוּן צִיוֹנִים זָאהְלְלֶען חַס וְחָלִילָה נִיט קוֹיפִין אַשְׁטִיקִיל עֶרְד, וָוארוּם דַאן קֶענֶען דִיא שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל זִיךְ אָפּ לֶערְנֶען פוּן הֶערְצְלֶען, אוּנְז צוּא טְרַייבֶּען, אוּנ אַוֶועק־נֶעמֶען פוּן אוּנְז אַלְלֶעס וָואס מִיר הָאבֶּען, אֲפִילוּ פוּן אוּנְזֶערֶע שְׁלַאפְּפֶּע אוּנ קְרַאנְקֶע, וָואס זַייא זַיינֶען שׁוֹין אוֹיף דֶער עֶלְטֶער. אוּנ דִיא צְדָקָה הַייזֶער, זוּכְט אוֹיךְ הֶערְצל אַז מֶען זָאהְלל דָאס אַלְלֶעס אַוֶועק־נֶעמֶען, עֶס אִיז נָאךְ פוּן אִיהְם אַ וואוּנְדֶער, וָוארוּם הָאט עֶר נִיט גִיזָאגְט אַז מֶען זָאהְלל דִיא טוֹידְטֶע אוֹיס גְרָאבִּין, אוּנ אַרָאפּ־רַייסִין פוּן זַייא דִיא תַּכְרִיכִים, אוּנ דָאס אַוֶועק־גֶעבִּין אוֹיף זְנוּת, אוּנ נָאךְ אַזֶעלְבֶּע זַיינֶע פַארְדָארְבֶּענֶע נַאבִין, פוּן זַיינֶע אַלְלֶע גֶעדַאנְקֶען, זֶעהְט מֶען אַז עֶר זוּכְט נוּר שְׁלֶעכְטֶעס צוּא טְהוּן אוּנְזֶער אָרֶעמֶע פָאלְק, אוּנ גִיסֶען אוּנְזֶערֶע אָרֶעמֶע בְּלוּט אוּמְזוּנְסְט, עֶר אִיז נָאךְ פִיל עֶרְגֶער פַאר דִיא שְׁפַּאנְיָאנֶער אִינְקְווִיזִיטָארֶען, זַייא הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט גֶעזָאגְט, אַז מֶען זָאהְלל בַּייא אָרֶעמֶע אִידֶען אַוֶועק־נֶעמֶען, דִיא צְדָקָה הַייזֶער, אוּנ וִויא הֶערְצל פַאר לַאנְגְט, אַז בַּייא דִיא בִּיסִיל רַייכֶע אִידֶען, זָאהְלל זַיין שְׁעְקְטֶע, אַוֶועק־נֶעמֶען בַּייא זַייא זַייעֶרֶע גֶעלְדְט, אוּנ גוּטְץ, דַאן אַז זַיינֶע בֵּייזֶע מַחְשָׁבוֹת וָואלְט חַס וְחָלִילָה אַרוֹיס קוּמֶען, וָואלְט מֶען דַארְפִין פַאר אַלְלֶע אִידֶען צְדָקָה הַייזֶער, אוּנ וואוּ וָואלְט מֶען נָאךְ דֶעם נֶעמֶען מִיטְלֶען, אֲפִילוּ צוּא גֶעבִּין אַלֶעמֶען אֵיין מְאהְלל אָפּ עֶסֶען? זֶעט מֶען דֶען נִיט אַז דָאס אִיז אַלְלֶעס רֵייד פוּן אַ אַנְטִיסִימִיט, עֶר אִיז אַלֵיין אַשְׁלֶעפֶּער וָואס מֶען דַארְף אִיהְם שֵׁיינְקֶען אַנְדָבָה, קוּמְט עֶר אוּנ זָאגְט, עֶר וֶועט שֵׁיינְקֶען, דִיא צִיוֹנִיסְטֶען פַאר מָאגִין נִיט וִויא פִיל עֶר קֶען אוֹיס בְּרֵיינְגֶען אוֹיף נִיאוּף רַחֲמָנָא לִצְלָן!... לִיבֶּע לֶעזֶער; אַמֶענְטְשׁ וָואס הָאט נוּר עֶטְוָואס פַאר־שְׁטַאנְד, וָואס בַּארֶעכֶענְט דִיא

בִּיטְטֶערֶע לַאגֶע פוּן אִידֶען; קֶען אַזֶעלְכֶע מָארְדֶערְלִיכֶע רֵייד גְלַייךְ־גִילְטִיג נִיט אַרִיבֶּער טְרָאגֶען, אוּנ בִּפְרַט אַז מֶען זֶעהְט אַז עֶר רֶעדְט נוּר רֵייד פוּן אַנְטִיסִימִיטֶען, אוּנ נָאךְ מֶעהְר רְצִיחָה אִיז פוּן דִיא רַבָּנִים צִיוֹנִים, אַז זֵייא שְׁטִימֶען אַיין מִיט אַנְטִיסִימִיטֶען, שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל ר"ל, וָואס זוּכֶען אוּנְזֶער גַאנְצֶע גַאטְצֶע אוּמְגְלִיקְלֶעךְ צוּא מַאכִין:

דִיא גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה זָאגְט אִין (סוטה דף ג) אֵין אָדָם עוֹבֵר עֲבֵירָה אֶלָּא אִם כֵּן נִכְנַס בּוֹ רוּחַ שְׁטוּת; גִיוֶוייִנְלִיךְ אִיז דָא אִין דֶעם פִיל פֶעהְלֶל, אַיין עֲבֵירָה אִיז דָאךְ נִיט גְלַייךְ צוּא דִיא אַנְדֶערֶע עֲבֵירָה, אַז דֶער מֶענְטְשׁ טְהוּט אַקְלֵיינֶע עֲבֵירָה, אִיז דֶער רוּחַ שְׁטוּת אוֹיךְ נִיט אַזוֹי גְרוֹיס, אָבֶּער אַז עֶר טְהוּט אַ גְרוֹיסֶע עֲבֵירָה אִיז דֶער רוּחַ שְׁטוּת אוֹיךְ זֵייעֶר גְרוֹיס, אוּנ פוּן רוּחַ שְׁטוּת קֶען מֶען פַאר שְׁטֶעהְן, וִויא גְרוֹיס דִיא עֲבֵירָה אִיז וָואס דֶער מֶענְטְשׁ הָאט גֶעטְהוּן. דֶער יֵצֶר הָרָע, רֶעדְט אוֹיךְ נִיט אָהְן צוּא אַ עֲבֵירָה אַ גְרוֹיסֶע מִיט אַ מָאהְלֶל, עֶר רֶעדְט אָהְן פְרִיהֶער צוּא אַ קְלֶענֶערֶע אוּנ נַאכְהֶער צוּא אַגְרֶעסֶערֶע, בִּיז עֶר פִיהְרְט אַרַיין דֶעם בַּעַל עֲבֵירָה, אִין דִיא גְרֶעסְטֶע זִינְד, אוּנ פוּן דֶעם רוּחַ שְׁטוּת קֶען מֶען פַאר שְׁטֶעהְן, וִויא גְרוֹיס, דֶער רוּחַ שְׁטוּת אִיז, אַזוֹיא גְרוֹיס אִיז דִיא עֲבֵירוֹת וָואס דֶער מֶענְטְשׁ הָאט גֶעטְהוּן, הַיינְט אַז מִיר זֶעהֶען אַז עֶס גִיפִינֶען זִיךְ רַבָּנִים צִיוֹנִים, אוּנ טְהוּעֶן אָפּ אַזַא גְרוֹיסֶען מְשׁוּגַעַת, וֶוען זֵייא עֶסִין בְּרוֹיט פוּן אִידֶען, וָואס גְלוֹיבֶּען אִין גָאטְט ב"ה אוּנ אִין זַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אוּנ זֵייא שְׁטֵייעֶן אָפּ פוּן אַלְלֶע אִידֶען, פוּן יְרֵאִים וַחֲרֵידִים צַדִיקִים וַחֲסִידִים, אוּנ זֵייא זֵיינֶען אַלְעמֶען מֵעִיז. אוּנ שְׁטֵייעֶן צוּא, צוּא דִיא גְרֶעסְטֶע גָאטְטֶעס לֵייקִינֶער, אוּנ צוּא אַנְטִיסִימִיטֶען צוּא אִינְקְווִיזִיטָארֶען, וָואס זוּכֶען נוּר צוּא גִיסִין דִיא אָרֶעמֶע רֵיינֶע בְּלוּט פוּן כְּלַל יִשְׂרָאֵל

אונ זוכֶען צוא מַאכֶען, אַז חַס וְחָלִילָה לֹא יִזָּכֵר שֵׁם יִשְׂרָאֵל עוֹד, דָאס זַיינֶען שוין דִיא גְרֶעסְטֶע זִינְד פוּן דֶער וֶועלְט. אונ פוּן זֵייעֶר גְרויסֶען שְׁטוּת, קֶען מֶען לַייכְט פַאר־שְׁטֶעהְן, אַז זֵייא זֵיינֶען כּוֹפְרִים; אונ הָאבֶען עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען עַל כָּל עֲבֵירוֹת שֶׁבָּעוֹלָם, אונ אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשִׁין, קֶענֶען נִיט אַרוּיס־קוּמֶען פוּן אִידֶעשֶׁע עֶהְרְלִיכֶע קִינְדֶער, דָאס פַּאסְט נוּר פַאר מֶענְטְשִׁין, וָואס קוּמֶען אַרוּיס פוּן חְמֶעלְנִיצְקֶען אָדֶער פוּן שְׁפַּאנְיָאנֶער אִינְקְווִיזִיטָארֶען:

עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ פוּן צִיוֹנִיסְטֶען וָואס זָאגֶען; אַז הֶערְצל הָאט גָאר נִיט גֶעמֵיינְט מִיט זַיינֶע רֵייד שְׁלֶעכְטֶעס, אונ זֵייא זָאגֶען אַז אִין הֶערְצִילְס רֵייד אִיז דָא גִיוִויס רָזֵי דְרָזִין, אונ עֶר מֵיינְט גִיוִויס אַלֶעס לְטוֹבָה, אָדֶער עֶס וֶועלֶען זִיךְ גֶעפִינֶען מֶענְטְשִׁין וָואס וֶועלֶען מֵיינֶען אַז דִיא גְלַאוְונֶע צִיוֹנִיסְטֶען הָאבֶען נִיט גִילֶעזִין זַיין פַארְדָארְבֶּענֶעם בִּיכֶל, אִיז אַ פְרַאגֶע וָוארוּם לִיבֶע צִיוֹנִים! אַז אִיהְר הָאט אִיבֶּער גִיזֶעצְט זַיין כְּפִירָה בִּיכֶל אוֹיף שַׁוארְגָאן? הָאט אִיהְר דִיא אַלֶע פַארְדָארְבֶּענֶע רֵייד וָואס אִיךְ הָאבּ אָהן־גֶעמֶערְקְט, אַרוּיס גִיוָוארְפֶען, אונ הָאט דָאס גָאר נִיט גֶעשְׁרִיבֶען? הָאט אִיהְר דָאךְ אַלֶעס גֶעזֶעהְן, וָואס פַאר כְּפִירָה עֶר שְׁרֵייבְּט, אונ וִויא עֶר לַאכְט אָפּ פוּן אִידֶען, אונ וִויא עֶר זוּכְט אַז מֶען זָאהְלל אוּנְזֶער אָרֶעמֶע בְּלוּט גִיסִין, אוּן אִיהְר הָאט אֵיין גֶעשְׁטִימְט, נוּר אִיהְר הָאט דָאס גִיוָואלְט פַאר לַייקֶענֶען פוּן אוּמְשׁוּלְדִיגֶע אִידֶען הָאט אִיהְר דָאךְ אוֹיךְ דִיא גְרויסֶע זִינְד, וִויא עֶר אַלֵיין:

לִיעבֶּע לֶעזֶער! אִיךְ גֶעפִּין מִיר פַאר אַחוּב (אַשׁוּלְד) אוּים צוּ שְׁרַייבֶּען אַגִישִׁיכְטֶע וָואס הָאט גֶעטְרָאפֶען מִיט אַ עֶרֶךְ 120 יָאהר צוּרִיק, אִין יֶענֶער צֵייט אִיז גִיוֶועזֶען דֶער גְרֶעסְטֶער גְבִיר בַּייא אִידֶען הַגָאוֹן ר׳ יְהוֹשֻׁעַ צֵייטְלִין, עֶר אִיז אוֹיךְ גִיוֶועזֶען אַמְקוֹרָב לְמַלְכוּת, עֶר אִיז גֶעוֶועזֶען דֶער גְרֶעסְטֶער פְאַדְרַאטְשִׁיק בַּייא דִיא מְלוּכָה, זַיין דִירָה

וואוּנוּנג) אִיז גִיוֶועֶן אִין „שְׁקְלָאוו” „מָאהִלִיוֶער גוּבֶּערְנְיֶע), הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען בַּייא אִיהם אִין שְׁטוּב אַטְרוּיֶערְדִיגֶע סִבָּה ר"ל, אַז זַיינֶע אַטְהַייעֶרֶע טָאכְטֶער אִיז מְשׁוּגָע גֶעוָוארִין, אִיהר מְשׁוּגַעַת אִיז גֶעוֶוען, אַז זִיא הָאט קֵיין מֶענְטְשִׁין נִיט אַרַיין גֶעלָאזִין אִין אִיהר צִימֶער, אוּנ זִיא אִיז גֶעלֶעגֶען דִיא קָאפּ אַרִיבֶּער גֶעדֶעקְט, אוּנ אַז מֶען פְּלֶעגְט וֶועלִין אַרַיין גֵיין צוּ אִיהר, פְּלֶעגְט זִיא מַאכִין דִיא גְרֶעסְטֶע סְקַאנְדַאלֶען, אוּנ הָאט גֶעשְׁלָאגֶען גֶעוָוארְפֶען מִיט וָואס זִיא הָאט נוּר גִיקֶענְט, גִיבְּרָאכִין דִיא שׁוֹיבִין, גִיוֵויינְדְלִיךְ אִין אַזַא גְבִירֶעשְׁע הויז אַז עֶס טְרֶעפְט אַזַא אוּמְגְלִיק ר"ל, אִיז מֶען דָאךְ פַאר טְרוּיֶערְט אוּנ מֶען טְרָאגְט אַגְרוֹיסֶען צַעַר פוּן אִיהר, אוּנ פוּן אִיהר מַאן וָואס אִיז אוֹיךְ אַגְרוֹיסֶער אֶדֶעלְמַאן אַמְיוּחָס, אַגְבִירְס אַקִינְד. אוּנ אִיבֶּער הוֹיפְּט דֶעם רַחֲמָנוּת פוּן אִיהרֶע 3 קְלֵיינֶע קִינְדֶערְלַאךְ, מֶען הָאט אַרָאפּ גֶעבְּרַאכְט דִיא גְרֶעסְטֶע דָאקְטוֹרִים, אוּנ קֵיינֶער הָאט אִיהר נִיט גִיקֶענְט הֶעלְפֶען, אַמָאהלל אִיז גִיקוּמֶען אַיוּנְגֶע פְרוֹיא זֵייעֶר אָרֶעם אָהן גֶעטְהוּן, אִין קְלֵיידֶער פוּן אַדָארְף פוֹיעֶרְטֶע, אוּנ זָאגְט אַז זִיא דַארְף הָאבִּין צוּם גְבִיר אַלֵיין, זִיא הָאט נִיט אָפּ גֶעטְרָאטֶען, בִּיז ר' יְהוֹשֻׁעַ צֵייטְלִין אִיז אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען, זָאגְט זִיא צוּ אִיהם אִיךְ בִּין אַדָאקְטָערְקֶע וָואס אִיךְ הֵייל אוֹים מְשׁוּגָעִים, אוּנ רֶעכֶענְט אוֹים פִּיל שְׁטֶאדְט וָואס זִיא הָאט אוֹים גִיהֵיילְט מְשׁוּגָעִים, אוּנ זָאגְט וָואס הָאט אִיהר מוֹרָא! אִיךְ וֶועל נִיט נֶעמֶען קֵיין גֶעלְדְט, בִּיז אַייעֶר טָאכְטֶער וֶועט וֶוערִין גִיזוּנְד, אוּנ גָאר אִין אַקוּרְצֶע צַייט וֶועל אִיךְ אִיהר אוֹים הֵיילֶען, גֶעוֵויינְטְלִיךְ אִיז וֶוען אַמֶענְטְשֶׁען אִיז טְרוּיֶערִיג אוֹיפִין הַארְצֶען, גְלֵייבְּט עֶר אִין אַלֶעם, עֶס אִיז גֶעבְּלִיבֶּען בַּייא דֶעם גְבִיר אַז מֶען זָאהלל דָאס אוֹיךְ פְּרוּבִּירֶען, דִיא דָאקְטֶערְקֶע הָאט גִיהֵייסִין אַז מֶען זָאהלל דִיא מְשׁוּגֶעגֶע נִיט הֶערִין, אוּנ מֶען זָאהלל אַרַיין שְׁטֶעלִין אִין דֶעם חֶדֶר פוּן דִי מְשׁוּגֶעגֶע נָאךְ אַבֶּעט, אוּן דִיא דָאקְטֶערְקֶע הָאט

זִיךְ אַבִּיין גִילֵייגְט אִין בֶּעט, אוּנ אוֹיךְ צוּ גִידֶעקְט דִיא קָאפְּף, אוּנ זָאגְט צוּ דִי מְשׁוּגֶעגֶע מִיר זָאהלְלֶסְטוּ לָאזִין אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַמְשׁוּגֶעגֶע, אוּנ אִיךְ וֶועל אוֹיךְ טְהוּן אַללֶעס וִויא דוּ טְהוּסְט, דִיא מְשׁוּגֶעגֶע אִיז דָאס גֶעפֶּעלֶען גֶעוָוארֶען, אוּנ זִיא הָאט אִיהר גֶעלָאזֶען, אִין אַשָׁעָה אַרוּם זָאגְט דִיא דָאקְטֶערְקֶע צוּ דִיא מְשׁוּגֶעגֶע בְּעֵת אַז קֵיינֶער זֶעהְט נִיט מֶעג מֶען אָפּ דֶעקִין דִיא קָאפְּף, דִיא מְשׁוּגֶעגֶע הָאט דָאס אוֹיךְ אִיהר גֶעפָאלְגְט, אוּנ הָאט אָפּ גֶעדֶעקְט דִיא קָאפְּף, נָאךְ אִין אַפָּאר שָׁעָה אַרוּם זָאגְט דִיא דָאקְטֶערְקֶע צוּ דִיא מְשׁוּגֶעגֶע, בְּעֵת אַז קֵיינֶר זֶעהְט נִיט מֶעג מֶען זִיךְ אַנִידֶער זֶעצִין, זִיא הָאט דָאס אִיהר אוֹיךְ גֶעפָאלְגְט, אַזוֹיא הָאט זִיא מִיט אִיהר גֶעפִיהרְט, אוּנ דִיא מְשׁוּגֶעגֶע הָאט אִיהר אַללֶעס גֶעפָאלְגְט, דָא בַּייא דֶעם גְבִיר קוּקְט מֶען דוּרְךְ דֶעם שְׁלִיסִיל פוּן טְהִיר, אוּנ מֶען זֶעהְט דִי גְרוֹיסֶע חָכְמוֹת פוּן דִי דָאקְטֶערְקֶע, עֶס וֶוערְט אִין שְׁטוּב שִׂמְחָה וְשָׂשׂוֹן, דִי דָאקְטֶערְקֶע אִיז גֶעוָוארֶען בַּייא דֶעם גְבִיר, אוּנ בַּיי זַיין הוֹיז־גֶעזִינְד זֵייעֶר טְהַייעֶר, אוּנ אַללֶע הָאבֶּען אִיהר גֶעגֶעבֶּען גְרוֹיס עֶהרֶע, זִיא אִיז גִיוָוארֶען דִיא גַאנְצֶע בַּעַל דֵעָה אִין גְבִירְס הוֹיז, אוּנ וָואס זִיא הָאט נוּר אוֹיס גִירֶעדְט הָאט מֶען אַללֶעס מִיט גְרוֹיס עֶהרֶע עֶרְפִיהלְט, זִיא הָאט גִיהֵייסֶען בְּרֵיינְגֶען פוּן אַדָארְף מוּשִׁיזִיקֶעס אִיהרֶע בַּאקַאנְטֶע, זִיא הָאט גִיזָאגְט אַז זֵייא וֶועלֶען אִיהר הֶעלְפֶען פַאר בְּרֵיינְגֶען מִיט דִיא מְשׁוּגֶעגֶע, מֶען הָאט דָאס אוֹיךְ בַּאלְד אִיסְפָּאלְנֵיעט, דִיא מוּשִׁיזִיקֶעס זִינְגֶען אוּנ טַאנְצֶען בַּייא דֶעם גְבִיר אִין שְׁטוּב, נָאךְ דֶעם זַייגֶען גֶעקוּמֶען מוּשִׁיזִיקֶעס, דִיא מֶעגֶער פוּן דִיא מוּשִׁיזִיקֶעס, דִיא דָאקְטֶערְקֶע הֵייסְט זֵייא גֶעבִּין בְּרַאנְד־וַויין, עֶסֶען אוּנ טְרִינְקֶען, אוּנ זֵייא זִינְגֶען אוֹיךְ אוּנ טַאנְצֶען, דִיא דָאקְטֶערְקֶע הָאט גֶעזָאגְט אַז דִיא מוּשִׁיזִיקֶעס קֶעגֶען נִיט פַארְטְרָאגֶען דִיא אִידֶעשֶׁע עֶסִין, זִיא הָאט גִיהֵייסִין בְּרֵיינְגֶען פַאר זֵייא גְרָאבֶּע עֶסִין „דָבָר אַחֵר" מֶען הָאט דָאס אוֹיךְ בַּאלְד אַללֶעס אִיסְפָּאלְנֵיעט, בַּייא דֶעם גְבִיר אִין שְׁטוּב אִיז

גִיוָואָרֶען גָאר וְויא אַפְּרַאכְטֶער אַשְׁאַנְדְלִיכֶער שֵׁיינְק, בַּייא דֶעם גְבִיר איז אִין שְׁטוּבּ אַשְׁלֶעכְטֶער רֵיחַ אָבֶּער עֶר מִיט זַיין הויז גִיזִינְד זַיינֶען צוּ פְרִידֶען אַללֶעם צוּ לַיידֶען, נָאר די טְהַייעֶרֶע טָאכְטֶער זָאהלל וֶוערִין גיזונְד. אַזויא הָאט דיא דָאקְטֶערְקֶע, אָפּ גֶעפִּיהְרְט מִיט דיא מְשׁוּגֶענֶע, אונ דיא מְשׁוּגֶענֶע הָאט אִיהר אַללֶעם גֶעפָּאלְגְט, אִין אַקוּרְצֶע צַייט הָאט דיא דָאקְטֶערְקֶע אַרוים גֶעפִּיהרְט דיא מְשׁוּגֶענֶע אִין שְׁטוּבּ צוּם טִישׁ עֶסֶען מִיט אַללֶעמֶען צוּזַאממֶען; אִיז גִיוָוארֶען שָׂשׂוֹן וְשִׂמְחָה, אונ זַייא רֶעכֶענֶען, אַז זַייעֶר טָאכְטֶער איז שׁוין גֶעזוּנְד, הָאבֶּען דיא הויז גֶעזִינְד גֶעזָאגְט עֶס אִיז שׁוין 2 יָאהְר וְויא מִיר זַיינֶען פַאר פִינְצְטֶערְטֶע גֶעוָוארֶען, אונ גִיזֶעסִין פַאר פִינְצְטֶער־טֶערְהֵייט, אונ מִיר הָאבֶּען דיא לִיכְטִיגֶע וֶועלְט נִיט אָהן גִיזֶעהְן, אִיצְט אַז אוּנְזֶער גֶעלִיבְּטֶע טָאכְטֶער אִיז שׁוין בֶּעסֶער דַארְפֶען מִיר שׁוין גָאר נִיט זָארְגֶען, אונ מִיר זָאהְלֶלֶען אַרוים פְאהְרֶען אַבִיסִיל שְׁפַּאצִירֶען. ר' יְהוֹשֻׁעַ צֵייטְלִין הָאט גֶעהַאט אַגְרויסֶע "אִימֶעְנְיֶע" 6 מַייל וַוייט פוּן שְׁקְלָאוו, וָואס דָארְטֶען אִיז גִיוֶוען זַייעֶר אַגוּטֶע דַאטְשֶׁע, אִיז גִיבְּלִיבֶּען אַז מֶען זָאהְלל פְאהְרֶען אִין דֶער אִימֶענְיֶע. מֶען הָאט גִיהֵייסֶען אַיין שְׁפַּאנֶען דיא קַארֶעטִין, אונ מֶען אִיז אַוֶועקְ־גִיפָאהְרֶען אִין אִימֶענְיֶע, מֶען הָאט גִילָאזִין אַפָּאר מֶענְטְשִׁין הִיטִין דיא שְׁטוּבּ, אונ אַגוּבֶּערְנַאנְטִין מִיט דיא קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אונ זַייא הָאבֶּען אָנְגֶעזָאגְט דיא מֶענְטְשֶׁען, אַז אַלְלֶעם וָואס דיא דָאקְטֶערְקֶע וֶועט זַייא זָאגֶען, זָאהְלֶלֶען זַייא אַלְלֶעם פָאלְגֶען, דיא דָאקְטֶערְקֶע אִיז אָבֶּער גִיוֶוען גָאר אוים גֶעשְׁטֶעלְט פוּן אַ שֵׁייקֶע גַזְלָנִים, אוים צוּא זֶעהְן, וָואס בַּייא דֶעם גְבִיר אִין שְׁטוּבּ טְהוּט זִיךְ, בַּייא נַאכְט הָאבֶּען דיא גַזְלָנִים אויף גֶעעֶפִנְט אַלְלֶע שְׁרַאנְקֶען, אונ מֶען הָאט אַלְלֶעם אַרוים גִינוּמֶען, גָאלְד אונ זִילְבֶּער, גֶעלְדְט אונ זַאבֶען, אונ כְּדֵי אַז מֶען זָאהְלל זִיךְ נִיט מֶערְקִין אַז דָאס אִיז פוּן די דָאקְטֶערְקֶע..

און מֶען זָאהְלל נִיט ווִיסֶן וָואס מֶען הָאט בַּאגַאנְגֶעט, הָאבֶּען זֵייא דִיא הויז אונְטֶער גֶעצוּנְדִין וָואס דִיא הויז אִיז גִיוֶועןְ גִיבּוֹיט וִויא אַפִּירְשְׁטְלִיכֶער פַּאלַאטְץ, דִיא גַזְלָנִים זֵיינֶען אַנְטְלָאפֶען גִיוָוארֶען, דִיא קְלֵיינֶע טְהֵייעֶרֶע קִינְדֶערְלֶעךְ זֵיינֶען פַאר בְּרֶענְט גִיוָוארֶען, דִיא דָאקְטֶערְקֶע אוּם מֶען זָאהְלל נִיט מֶערְקֶען, אַז זִיא הָאט שׁוּלְד אִין דֶעם, הָאט זִיא גֶעזָאגְט צוּא דִיא מְשׁוּגֶעגְעַ דוּא שׁוֹטָה צוּא דָאס אִיז מְשׁוּגֶע. אַז מֶען לִינְט אִין בֶּעט, און מֶען לָאזְט קֵיינֶעם נִיט צוּא זִיךְ? אַז מֶען אִיז מְשׁוּגֶע דַארְף מֶען גֵיין טַאנְצִין אִין גַאס נַאקֶעטֶער הֵייט, הָאבֶּען זִיךְ אוּיס גֶעטָאהְן, דִיא דָאקְטֶערְקֶע מִיט דִיא מְשׁוּגֶעגֶע בַּאקֶעט, און זֵיינֶען גִינַאנְגֶען טַאנְצֶען אִין גַאס נַאקֶעטֶער הֵייט, דָא הָאט מֶען גְלַייךְ גֶעשִׁיקְט אַרְייטֶער אָהן זָאגֶען דֶעם גְבִיר פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען אוּמְגְלִיק עֶר מִיט זַיין הויז גִיזוּנְד זֵיינֶען גְלַייךְ גִיקוּמֶען, און קְלָאגֶען און וֵויינֶען און מֶען לוֹיפְט חַאפֶּין דִיא מְשׁוּגֶעגֶע מִיט דִיא דָאקְטֶערְקֶע, ר׳ יְהוֹשֻׁעַ צֵייטְלִין וֵויינְט שְׁטַארְק, און זָאנְט רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, הַחָסֵר מְשׁוּגָעִים אָנֹכִי, פַאר מַיינֶע זִינְד הָאסְטוּ מִיר גִישְׁטְרָאפְט, און הָאסְט מַיין טָאכְטֶער גִימַאכְט פַאר מְשׁוּגֶע און מִיר הָאבֶּען פִיל גִילִיטְין פוּן אִיהְר, און מִיר הָאבֶּען דִיא יְסוּרִים מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה גִיוֶועןְ, וָואס הָאסְטוּ נָאךְ אָהן־גִישִׁיקְט אוֹיף מִיר אַ פַּארְדָארְבֶּענֶע מְשׁוּגֶעגֶע אַ פְרֶעמְדֶע וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהר גִיט גִיקֶענְט און נִיט גֶעוואוּסְט:

לִיבֶּע לֶעזֶער! אַזֶעלְבֶע דָאקְטוֹירִים זֵיינֶען פַאר אוּנְז הֶערְצֶל מִיט זַיין שֶׁעקְטֶע, דִיא רַבָּנִים צִיוֹנִים, דֶער לִידֶער, דֶער שֶׁעפְּאצְקִינֶער, דֶער טְרָאקֶער. הֶערְצְל הָאט זִיךְ פַאר שְׁטֶעלְט פַאר אַדָאקְטֶער אַז עֶר ווִיל אוּנְז אוּיס הֵיילֶען פוּן אוּנְזֶער פִינְסְטֶערֶע בִּיטֶערֶע לַאגֶע, אָבֶּער בֶּאֱמֶת אִיז עֶר אוּיס גִישְׁטֶעלְט פוּן אַנְטִיסֶמִיטֶען, פוּן שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל, עֶר זָאהְלל אוּנְז פַארְפִיהְרֶען אִין אֵיין אוּמְגְלִיק רַחֲמָנָא לִצְלָן; און וָואס הָאבֶּען זֵייא גִיטְהוּן? אוּנְזֶער גֶעלְדְט הָאבֶּען זֵייא בֶּעגַאנְגֶעט

בַּאי דִיא אָרֶעמֶע בִּיטֶערֶע פַאר פִינְסְטֶערְטֶע אִידֶען פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, הָאבֶּען זֵייא אַוֶועק גִינוּמֶען זֵייעֶר לֶעצְטִין בִּיסִין פַאר שֶׁעמֶטֶע בְּרוֹיט, אוּנְזֶערֶע אוּמְשׁוּלְדִיגֶע קִינְדֶערְלֶעךְ הָאבֶּען זֵייא פַאר בְּרֶענְט, זֵייא הָאבֶּען זֵייא אָפְּגֶערִיסֶען פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע אֱמוּנָה, פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, אוּנ הָאבֶּען גֶעמַאכְט פַאר אוּנְזֶערֶע אָרֶעמֶע בְּלוּט חֲדָרִים מְסוּכָּנִים אוּנ הָאבֶּען גֶענוּמֶען לֶעהְרֶער מְחַלְלֵי שַׁבָּת, אוֹכְלֵי טְרֵיפוֹת, כּוֹפְרִים מוּמָרִים לְכָל הַתּוֹרָה כּוּלָהּ, אוּנ זֵייא פַאר סַאמֶען אוּנְזֶערֶע אוּמְשׁוּלְדִיגֶע יוּנְגֶע קִינְדֶער וָואס דָאס אִיז פַאר זֵייא עֶרְגֶער וִויא דֶער טוֹידְט רַחֲמָנָא לִצְלָן. דֶער צוּ הָאבֶּען זֵייא נָאךְ אַיין גֶעפִיהְרְט סַאבְּרַאנְיֶעס פוּן יוּנְגֶע בְּתוּלוֹת מִיט בַּחוּרִים, אוּנ הָאבֶּען זֵייא פַאר סַאמְט מִיט דִיא זִינְד פוּן נִיאוּף, אוּנ מִיט דֶעם חֵטְא פוּן עֵר וְאוֹנָן. פַאר אוּנְזֶערֶע אָרֶעמֶע צְדָקָה גֶעלְדְט, הָאבֶּען זֵייא גֶעמַאכְט גְזֵירוֹת אוֹיף כְּלַל יִשְׂרָאֵל, מֶען הָאט גֶעמַאכְט אַגְזֵירָה אַז מֶען זָאהלל אִידֶען גָאר נִיט אַרַיין לָאזִין אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, מֶען זָאהלל אִידֶען נִיט פַאר קוֹיפֶען קֵיין עֶרְד אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, דֶער שׁוּלְטַאן וָואס אִיז אַללֶע מָאהלל גֶעוֶועזֶען אַמֶלֶךְ שֶׁל חֶסֶד. פַאר אוּנְזֶערֶע אִידֶען, עֶר הָאט זֵייא קֵיין מָאהלל נִיט אָפּ גֶעטְהֵיילְט, זֵייא הָאבֶּען גֶעהַאט פְרַייהֵייט. אָבֶּער יֶעצְט אִיז גֶעוָוארֶען אַשִׂנְאָה, אוּנ זֵייא הָאבֶּען גִיזוּכְט צוּ בְּרֵיינְגֶען דֶער צוּ אַז מֶען זָאהלל חַס וְחָלִילָה גִיסִין אוּנְזֶער אָרֶעמֶע בְּלוּט. פַאר אוּנְזֶער אָרֶעמֶע גֶעלְדְט הָאט מֶען גֶעדְרוּקְט אַללֶערְלֵייא כְּפִירָה בִּיכְלַאךְ, אוּנ אַנְטִיסִימִיטִישֶׁע בִּיכְלַאךְ, אוּנ מֶען הָאט דֶער־וֶועקְט אַללֶע שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל, אַז זֵייא זָאהְלֶען אוּנְז רַאבִּירֶען, אוּנ גִיסֶען אוּנְזֶער אָרֶעמֶע בְּלוּט *) אוּנ לְסוֹף אַז הֶערְצל הָאט גֶעזֶעהְן אַז עֶס קֶען זִיךְ דֶער גֵיין אַז

*) הֶערְצל הָאט גִיהֵייסִין מֶען זָאהל עֶסִין דָבָר אַחֵר הָאבֶּען זֵייא אַלֶע גִיגֶעסִין אוּנ מֶען הָאט גִישְׁרִיבֶּען אוּנ גִירֵייכֶערְט אוּם שַׁבָּת אַלֶּע בְּפַרְהֶסְיָא אוּנ אָפִּין גִיזָאגְט מִיר דַארְפִין קֵיין אֱמוּנָה נִיט.

ער איז אויס געשטעלט פון גזלנים אנטיסימיטען, האט ער געמאכט אפלאן אז מען זאהלל אונז גאר אוועק־פיהרען צו דיא דזיקע נעגרעס, וואס זייא גייען נאקעט, אונ דיא רבנים ציונים זאהללען דארטען טאנצען נאקעטער־הייט, מיט דיא נאקעטע נעגרעס, נאך ניט גענוג וואס ער האט פאר פיהרט דיא רבנים ציונים, אז זייא האבען זיך געפאטאגראפיהרט מיט גיבלויזטע נקבות, האט ער זייא געוואלט פאר פיהרען צו דיא נאקעטע נעגרעס זייא זאללען דארטען טאנצען נאקעטער הייט:

הייליגע אידען אויף יעדער אידען וואס קומט ארויס פון דיא נשמות וואס האבען געזאגט אויף דעם בארג סיני „נעשה ונשמע" ליגט אחוב קדוש צו זעהן אפ צו פיהרען דיא עהרליכע פאר־טומעלטע, פארפיהרטע ציונים, זיי... צווייזען וויא מען האט זייא פארפיהרט, אז לסוף וועלען זייא אליין זעהן אויף קלאהר אז הערצל מיט נורדון זיינען אויס געשטעלט פון אנטיסימיטען, נור צו מהון שלעכטעס אידען אונ צו גיסען זייער בלוט, אונ ווער עס וועט האבען אזכות צו ראטירען אפילו איין מענטשין פון דיא האנד פון דיא כופרים, אינקוויזיטארען וועט מען קענען זאגען אויף איהם דעם מאמר חז"ל, כל המקיים נפש אחת מישראל כאילו קיים עולם מלא, אונ בזכות זה וועלען מיר זוכה זיין צו זעהן דעם גואל צדק במהרה בימינו אמן:

# ענדע

